## MAESTOSO PATETICO / פּרץ מאַרקיש

איך בין אויף אַן אָרעמען מאָלצייט פאַררופן און ווייס ניט וווּהין און צו וועמען,
עס גלעקערן גלעקער פון קלויסטערס מיט רויטע צעבלוטיקטע צלמים,
אין פענצטער אין אַלע איז ליכטיק און אומעטום שוימיק די שיין איז,
עס פאָרן זיך ווינטן — די שמחה וועט דאָרט זיין, די שמחה זיין דאָ וועט,
מע דאַוונט, מע שאַלט: — למנצח לפּרץ בן דוד!
און כ׳קאָן ניט דערגיין און איך קאָן ניט באַנעמען: — וווּהין און צו וועמען...

אָ, ווינטן, אָ, ברידער,
איר ווייסט ניט, ביי וועמען איז היינט אַזאַ שמחה?
וווּהין כ׳בין פאַררופן?
איך זינג אויפן וועג אונטער אַלעמענס פענצטער און אַלעמענס הויפן,
פאַרשפּעטיקן כ׳זאָל ניט מיין ליד אונטערוועגס צו דעם אָרעמען מאָלצייט,
איר ווייסט ניט, ביי וועמען איז היינט אַזאַ שמחה?

אָ, ס׳איז אַ לויה! מע טראָגט זעקס און צוואַנציק פאַרשניטענע יאָרן
אויף זוניקער מטה געבונדן, ווי האַרבסטיקע סנאָפּעס אין גאַרבן,
פון איינעם אַן אורח, וואָס איז אויף די וועגן, זיך פרעגנד אויף שמחות, געשטאָרבן,
מע טראָגט זעקס און צוואַנציק פאַרשניטענע יאָרן
מיט כּלי־זמרשע רייען,
און טאַנץ איך מיט פרייד נאָך מיין אייגענער מטה פון זוניקער שמחה־לויה...

אַ הפקר־בראָדיאַגע וועט היינט ביי דיר, גאָט, זיין אין ליכטיקן היכל,
מע רופט מיך צו זון אויף מיט ערשטער עליה,
מיין ברכה כ׳זאָל מאַכן אויף איר — אויף דער תּורה פון אַלע פּלאַנעטן און וועלטן!
און גיי איך און בלאָנדזשע פון שטערן צו שטערן,
איך וויל ניט, איך וויל ניט פאַרשפּעטיקן, מאַמע,
כ׳בין עולה לחמה...

*

אקומט צו מיר, אַלע פאַרבייגייער מידע, פון אַנוועג און וועגן
, און ברענגט אייער מידברשן דאָרשט נאָך דער פרייד, ווי געיעג־הינט נאָך הפקרע ציגן;
אָ, קומט צו מיר, טעכטער, מיט פליעסקענדע הענט, זיך אין תענוג פאַרוויגן,
איך טאַנץ מיט געזאַנגען די טירן אייך עפענען אַלע אַנטקעגן!...

איך וועל אויף אַ שטריק, ווי אַ שיכורער לץ, מיט געשרייען אייך ווייַלן!
אָ, קומט צו מיר, אַלע פאַרבייגייער מידע, פון אַנוועג און וועגן
און זעט, ווי אין מיטן פון מיינע, פון אַלע, פון ווילדע געשרייען
צעוויקלען זיך שטיל פון מיר לייַלעך נאָך לייַלעכער, גלייך ווי פון טאַנצנדיק לייב — סאַלאָמעס...

אָ, ברענגט אייער מידברשן דאָרשט נאָך דער פרייד, ווי געיעג־הינט נאָך הפקרע ציגן,
און טרינקט אים, דעם נאַקעטן אָדם־הראשונס פאַרבהאַלטענעם אוראַלטן טרויער,
וואָס קאָרטשעט זיך, פייניקט, ווי גאָט, אונטער זיבן פאַרוויקלטע הימלען,
און רייסט זיך אין וויי־לייב פון עלנט און פיין, ווי אַ הונט ביי אַ טויער...
אָ, קומט צו מיר, אַלע פאַרבייגייער מידע, פון אַנוועג און וועגן,
איך טאַנץ מיט געזאַנגען די טירן אייך עפענען אַלע אַנטקעגן!

*

איך עפן די אויגן און זע מיין פאַרפרוירענעם בליק ביי אַ גאַס־קאַטערינשטשיק,
וואָס שפילט אין די הויפן אויף הילצערנעם קעסטל
מיט אַלטער משפחה פון וואַלד־פאָפוגאַיען, וואָס לאָזן זיך טראָגן אויף אַקסל;
— זאָל זיין קאַטערינשטשיק, זאָל זיין פאָפוגאַיען!
דאָס שפילט מען מיר אָפּ מיינע טעג, מיינע נעכט, מיינע יאָרן,
וואָס ווערן אָן מאַמעס געבוירן...

איך פייקל דיר צו, קאַטערינשטשיק, מיט טריט פון מיין הארצן
און קלינג דיר אַרויס אַ שטיק בלוט, ווי אַ גאָלדענע רויטע מטבע! —
וואָס קוקסטו אויף מיר, פאָפוגאַי, מיט דיין נאַרישן צער פון רחמנות?
טונק איין דיין צעבראָכענעם פיסק אינעם קעסטל פון דאָ־זיין
און ציִ נאָך אַ קוויטל אַרויס אויף מיין הפקר־בראָדיאַגישן מזל...

*

עס פּאָכעט מיין מוח אונטער שטאָלענע רעדער און סערפּן פון שיפן,
דערשטיקט, ווי אַן איבערגעפּאָרענער הונט אויף טראַמוואַישע שלייפיקע שורות;
ער פּאַטשט מיט צעבלוטיקטע פליגל אַ וויג=ליד, אַ נאַכטישן שיר אויס
די אונטערגעשניטענע זאַנגען פון טעג און פון נעכט און פון יאָרן...

אָ, זאָג מיר, אָ, זאָג, קאַפּיטאַן, מיר! דו ווייסט ניט, ווו שווים איך, דו ווייסט ניט, ווו פאָר איך?
כ'בין איין פּאַסאַזשיר אויף דער שיף אויף דער שוואַרצער פון האַלבנאַכט אָן ליכטער,
מאַטראָסן אין שליופּקעלעך הילצערנע, גלייך ווי געקוילעטע, כראָפּען!

אָ, ליידיקע שיפן,
פאַרהאָנגען מיט נעפּלען, פאַרפּירטע, ווו פירט איר?
אָט טראָגן די כוואַליעס אויף זילבערנע מטות, ווי מיסט, מיינע סנאָפּעס —
געבונדענע טעג מיינע, נעכט, מיינע יאָרן...
אָ, זאָג מיר, אָ, זאָג, קאַפּיטאַן, מיר! דו ווייסט ניט, ווו שווים איך, דו ווייסט ניט, ווו פאָר איך?..

*

זעצט דער פאַרנאַכט זיך אַוועק אויף די שוועלן פון טויט, ווי אַ פינצטערע סאָווע,
און וואַרעמט זיך, וואַרעמט דאָס פינצטערע קלאָג=מויל ביי שייטערס פון קלויסטערשע צלמים;
ער לעגט זיך די פליגל צונויף אונטער זיך, ווי אַ קברן לאָפּאַטעס נאָך עמיצס צעגראָבענע איילן,
און טרינקט ביי די אַלע פאַרבייגייערס אויגן דעם אָוונט=טרינק—עלנט—אויף דר'ערד, ווי אַן אבל...

און ס'קומען פון ערגעץ, פון ערגעץ חיילות אויף האָרביקע קעמלען
און קלאָגן און זיפצן אַ ליד אויס פון ערגעץ פון בערג, פון מדבריות, פון שוועלן,
זיי טראָגן, די קעמלען, אויף הויקערס אַ ריזיקע באַרג=לאַנד פון מידקייט און דרעמלען
און ס'שיקן חיילות געזאַנגען=מרגלים צו טויערן ווייטע פון בענקענדע וועלטן...

•

אָ, נעמט זיך, פאַרנאַכטיקע קעמלען, מיט זיך מיט מיין זינגענדן הויקער פון עלנט!
און טראָגט אים אַוועק ערגעץ ווייט אינם קלאָג=לאַנד פון סאָוועס און שפּאַרבערס,
און איך וועל, באַפרייטער, אַריבער דעם טאָגישן פאַרקן
און זוכן די וועגן פון מיינע פאַרבאָרגענע נאַכטישע שוועלן...

✲

איז וואָס, אַז איך האָב אים, דעם טאָג, ווי אַ שיף אַ געפאַנגענע ערגעץ מיט נעצן,
און האַלט זי געבונדן מיט שטראַלן אויף שנייִקן ברעג פון מיין חלומדיק דאָ־זיין;
איך ווייס, אַז ביינאַכט וועסט זיך אָפרייסן, שיף, און אַוועק ערגעץ אונטערגיין
איינזאַם־פאַרבלאָנדזשעט,
נאָר איך, דער באַנארישטער, וועל זיך אויף דר׳ערד נאָך דיר שבעה ניט זעצן...

איז וואָס, אַז איך האָב זי, די נאַכט, ווי אַ סולטאַן — אַ בייטנדיק ווייב פון האַרעמען,
און טאַנץ מיט איר, וואַרג זיך און פייניק מיט איר זיך, געבונדענע אָרעם צו אָרעם;
איך ווייס: זי מיין בעט וועט פאַרלאָזן צו שחרית, ווען איך וועל נאָך חלומדיק מיד זיין און דרעמלען,
נאָר אויפכאַפּן כ׳וועל זיך באַגינען פון ס׳ניי קינדער־אויגיק, פון ס׳ניי אַכצן־יאָריק!..

# י. י. זינגער / בלוי

---

## I

אַ טאָג, הייס און מיד, מיט העלן, שווייסיקן וועג-מאַנטל אויף וועלטישע אַקסלען פאַרוואָרפן. פעלדער פלאַכע, צעצויגענע, ווייט צו פיאָלעטער ראַם פאַרטשפּעט. אַ שליאַך אַן אָפּגעקראָכענער, אַ פאַרקאַלעכטער, מיט שמאָלע, צעדרייטע שוך-גראָבן אויף ביידע זייטן: אַ פּאָר לאַנגע אויסגעקרימטע מאַלפּישע הענט טיף אין וועלט ערגעץ פאַרקראָכן.

— אַט, וואַ...

— אַט, וואַ...

פאַרביקער בוקעט, סאָלדאַטישער, גייט צום טאַקט. פאַראַן דאָ: געזעצטע דייטשע לאַנדשטורמער מיט קרומלעכע פיס פון קורצע כאָליעוועס אַרויס און אויסגעפּרעסטע אונגאַרן, לייכטע, בויגיקע, סטאַטיסטן נאָר וואָס פון אָפּערע אַראָפּ; פלאַך-פּנימדיקע כינעזער מיט שפּיציקע אַקסלען פון לויז-רוסישע כאַקי-העמדלעך און שמאָל-טאַליעדיקע טשערקעסן, פאַרביקע, שוועבנדיקע, שפּילנדיקע שמעטערלינגען. געווער — ווי סאָלדאַטן: רוסישע שפּיציקע באַיאָנעטן און דייטשע פלאַכע מעסערס; אַלטמאָדישע שווערע ווינטאָווקעס מיט שלאָס פון אַ זייט און לייכטע, גלאַט-פּאָלירטע ענגלישע ביקסלעך, איין שטיק געגאָסן.

רוסישע קאָמאַנדע קאָן מען אויסנווייניק. שונא און פריינט דערקענט מען גלייך, כאָטש די זעלבע קליי-דער און שפּראַך. מ'ציט שלאַנגיש איבער שאָסעען. מ'פאַרריכט אויפגעריסענע בריקלעך איבער טייך און זומפּ. מ'פאַרלייגט שורות שוועלן איבער צעשרויפטע קרומע ליניעס. פון פאָרנט: רויטע פאָן, אין ליכטיקן שטויב געוויקלט; הינטער איר — גאָלדוואָנסנדיקער קאָמאַנדיר פראַנץ גערלינג פון העסן; פון ביידע זייטן — אוקראַי-נישער סטעפּ.

לייב לעווי איז שוואַרצע רויז אין פאַרביק-באַוועגלעכן בוקעט. זיין שוואַרץ געקרויזטער קאָפּ ברענט כסדר אונטער צעגליטן דרומדיקן הימל. זיינע לייכטע פיס זענען אין שטייפע וויקל-בענדער פעסט געוויקלט. אויף ברייטער ברוסט זיינער — אַ ברעזענטענער קולנטאַש פון אַ פאַרטיזאַנער אַראָפּגעצויגן. און זיין נאָמען איז אַ צווייענדיקער: לייב יהודה.

פראַנץ גערלינג שפּאַסט אָפּט:

— „יודאַ"...

— „יודאַ פאַררעטער"...

נאָר אין שטילע פינצטערע נעכט שיקט ער אים אָפּט צו געדיכטן וואַלד, באַנדישע נעסטן אויסצושפּירן. אַז ער קומט צוריק אויף אַלע פיר, לופטערט גערלינג זיין פולע האַנט איבער בחורישער פלייצע דורך. ער שטעלט אָן גרוי-שטאָלנעם בליק קעגן פייערדיקן שוואַרצאַפּל און לויבט אויף צוויי שפּראַכן:

— בראַוווער קערל, יודאַ...

— מאָליאָדיעץ, יודאַ...

## II

פאַרנאַכט. וועלט ציט זיך אויס. וועלט ווערט טאָפּלט ברייט. וועלט ווערט טאָפּלט ווייט.

— אַכטונג, לאַנגזאַם...

— מאַרש...

מ'גייט לאַנגזאַמער. פעלדער שפּרייטן זיך אַזוי בויגנדיק, ווייך, ווי מיידלערישע אָפענע אָרעמס. שייבעלעך דאָרפישע קוקן אַזוי פאַרבענקט, קוקן אַזוי מנוחהדיק צו אונטערגייענדיקער זון, גלייך זיי וואָלטן נאָך באמת קיינמאָל קיין מאָרד און אומרעכט דאָ נישט געזען.

מ'שאַרט זיך פונדעסטוועגן צו ווענט. מ'האַלט געווער שטייף אין האַנט.

פאַרנאַכטיקע טויִקע גראָזן, פאַרחלומטע גינגאָלדענע שייבעלעך עפּענען טיילמאָל באַהאַלטענע מיילער אויף און שפּייען מיט רויך און פייער אויף באַוועגלעכן בוקעט. און דערנאָך קומט אויס אַוועקצושטעלן עטלעכע קרומע צלמלעך הינטער אַן אויסגעהויקערטער איינזאַמער ווערבע און מאַכן פון צוויי רייען: איינע.

איצט איז רויִק. קאָן זיין, אַז באַלד וועט דאָך אַ דאָרפישער קוימען אַ ביסל ליוטערן רויך אין וועלט אַריין אויספּיפּקען. אַ יונגע פויערטע וועט באַגעגענען ביי טיר מיט פאַרלייגטע הענט אויף פולער ברוסט. און אַ קעלבל, אַ יונגס און אַ תמימותדיקס, וועט מעקען אַנטקעגן מיט אויסגעשטרעקטער צונג. מעגלעך אָבער אויך, אַז עטלעכע וואַרעמע קערפּערס וועלן צוזאַמען מיט אַ פרעמדשפּראַכיקער קללה צו שוואַרצער אוקראַיִנישער ערד זיך אַראָפּלאָזן און אַ טייל פון איר ווערן.

אין אַזעלכע מאָמענטן צאָלט מען אָפּ: צוזאַמען מיט גערלינגס באַפעל לאָזן זיך עטלעכע צענדליק האַנט=גראַנאַטן, ווי שוואַרצע ראָבן, פליִען אין לופט. פאַרשלאָפענע שטרויענע דעכלעך באַקומען פייערדיקע פליגל און לאָזן זיך שוועבנדיק אין וועלט. און רויִקע, שטומע ערד הייבט אָן שפּייען מיט פחדניש אונטער=ערדישע ברואים. האַלב פלאַקערנדיקע מורדים לויפן זיגזאַגיש איבער רויטע פעלדער, ווי אונטערגעשאָסענע חיות לויפן צו טייך קילן די ווונד.

מ׳גייט וואַך, אויפמערקזאַם. מ׳פילט, וויפיל מאָל ס׳בלוט לויפט דורך אין קערפּער. געוואר שטאָלנס פרעסט זיך אַזוי האַרט צו קיצלדיקע דלאָניעס און אונטער האַרץ הוידעט זיך אַזוי האַסטיק אַ באַגער:

— זאָל שוין עפּעס געשען...

ווייטער, אין נאָענטע דערפער, וועלן טיר און טויער זיין אָפן. אין בריית=געעפנטע און פוסטע כאַטעס וועלן ליידיקע בענקלעך בעטן זיצן. אָפענע בוידעמער, פולע מיט היי, וועלן פאָרלייגן נאַכט=לעגער. פון פאַרדומפּענע הרובעס וועלן געטרוקנטע קעזלעך ווינקען פון אונטער פרעסנדיקן שטיין. און אַפילו די אייניקע פאַרבליבענע קאַץ אין ווינקל וועט באַגעגענען אַזוי הכנעהדיק און גאַסטפריינדלעך, ווי זי וואָלט פילן די גאַנצע אַחריות, וואָס אַנטלאָפענע באַלעבאַטעם האָבן אויף איר איבערגעלאָזן.

אין אַזעלכע נעכט רוט מען אָפּ פאַר אַ סך געקוועלטע טעג. מען שלאָפט רויִק און האַרט, ווי אין אייגע=נעם פולן שייער. און אַפילו די וואַכן קאָנען אויך אָנשפּאַרן קאָפּ אָן ביקס און דרעמלען.

עס וועט רויִק זיין: פייערדיקע צונגען האָבן שוין אויף מיילן אַרום רויטע נייעס דערציילט...

III

פּאָרוועַרטס... לאַנגזאַם...

— מאַרש...

פראַנץ גערלינג האַלט זיך ביים דייטשן קריגס=מאַניער: פאָרווערטס אונד לאַנגזאַם.

באַרגיקע געגנטן שטעלן זיך אין וועג, גליטשיקע און משופּעדיקע, דורכגעווייקטע פון לעצטן רעגן, וואָס טריפט פויל און קרום שוין אַ קנאַפּן מעת=לעת. אויף קעפּ דריקט א ווייכע, נישט אויסגעמאָלקענע כמאַרע. און בלאָטיק געבענטשטע ערד כאַפּט קללות אין אַלערליי שפּראַכן:

— שוואַרצע ערד, פאַרפלוכטע...

— נישט אויף קריג=מאַרש באַשאַפן...

בייטאָג איז אַביסל וואַרעם געוואָרן. פון אַ יונג וועלדל, אַ באַרגיקס, האָבן הילכיקע פייערלעך באַגעגנט — האָט מען עטלעכע שטאָלענע פּיסקעס גלייך אָנגעשטעלט און אַ פייערדיקע צונג הימל געוויזן. איצט קריכן זיי נאָך אַ האַלבע מאה געפאַנגענע וואַלד=ברואים. זייערע פאַרראָסטעטע ביקסן און אַלטמאָדישע שווערדן, זייערע שנייד=מעסערס און היי=גאָפּלען ליגן געבונדן אויף אַ פויערישער פור. גייען זיי דעריבער טעמפּ, גלייכגילטיק, אַ מחנה אָקסן, נאָר וואָס האָרן און זכרישקייט אויסגעשניטן. צוויי קליינע און בערדיקע ביירער טרייבן זיי אונטער, כאָטש זיי גייען אַליין:

— פּ אַ אָ ו ו ע ט ס, טייפעלן...

— פּ אָ אַ ו ו ע ט ס.

פון אַקעגנקומענדיקן באַרג דאַרפן נייע פייערלעך באַגעגענען. ביי איינעם פון געפאַנגענע האָט זיך נאָך דער געדאַנק ערגעץ פאַרוואַלגערט: איין איינציקער געדאַנק — אַ סוד. האָט מען אים אַ בולקע מיט הערינג גע=געבן און לעצטן סודותדיקן געדאַנק צוגענומען. איצט ווייסט מען שוין, ווו פייערלעך דאַרפן אָפּוואַרטן. און

פראַנץ גערלינג פאַרלייגט אַ פּאָר רונדע שפּאַקטיוו־גלעזער אויף שטאָלן אויג, ברעגנט צושלעפּן אַ וויאָרסט וועלט און לייגט זי אַוועק צו זיינע פיס.

— מאַרש ראַוף...

— האָפּ...

מ׳דראַפּעט זיך האַסטיק אויף גליטשיקן באַרג. שמייכל רוט אויף רויע, שטרענגע פּנימער: דער באַרג איז אַ הויכער. ער קוקט גלייך אויף פיינטלעכן טאָל אונטער זיך. דערצו וואַקסן דאָ מצבות געדיכטע און קרומע. פראַנץ גערלינג לייכט: בית־עולמס זיינען די בעסטע פּאָזיציעס.

מ׳שטעלט אויס ביקס און מאַשינען־געווער צופוסנס שטיינער און בערגלעך. איבער לייב לעווי שפּרייטן זיך אַ פּאָר דורכנדיקע כּוהנישע הענט מיט אַן אָפּגעריבענעם „פּה נקבר״. ער ליגט מיט אָפן אויג צו אויסגעהויקערטער שטאָט, איינגעקוועטשטער. ער ציט ביי צינגל גיך און געשיקט און הערט זיך איין צו גערלינגס באַפעל:

— אַכט הונדערט, רעכטס...

— איינס גלייך.. פלי...

מ׳טרעפט אין ציל. פאַרשלאָפענע דעכלעך וועקן זיך אַלץ מער און מער פון זייער דרעמל און שפּייען מיט קראָקוועס אין דער הייך. קליינע פינטעלעך, באַוועגלעכע, שאַרן זיך אַלץ ווייטער און ווייטער צו פּיאָ־לעטן גאַרטל אַרום שטאָט און הילכיקע פייערלעך, ווייטע, שלאָגן זיך אַלץ זעלטענער און זעלטענער אין אויס־געקרומטע מצבות.

פאַרנאַכט וועט מען אין שטאָט נעכטיקן. דערווייל מוז מען עטלעכע וואַקלדיקע רייען צו געפאַנגענע אויף אַקסלען אַרויפליגן. פאַר אַנדערע מוז מען לאַנגע, טיפע גרובער אין ערד אויסשניידן און צו צוויי קרייציקע צווייגלעך אין געלן זאַמד אַריינשטעקן.

מ׳לאָזט זיך באַרג אַראָפּ אויף רוקן.

אין איינקוועטשעניש פון איינגעפאַלענע מצבות און פּירקאַנטיקע „פּה נקברס״ זיינען עטלעכע קרומע צלמלעך מיט שפּיציקע גאָטישע בוכשטאַבן צוגעקומען...

## IV

נאַכט. גערלינגס ברוסט קוקט מיט גרויס עלעקטריש אויג אויף חושך אַרום זיך. טריט, מידע און גע־שמידטע, קלאַפּן רוישיק איבער שטאָטיש בלאָטיקן שטיין.

לייב לעווי שיקט שוואַרצן בליק אין פינצטערניש און שמעקט מיט צעצויגענע, ציטערנדיקע נאָזלעכער.

אין לופט טראָגן זיך ריחות. ריחות פון צוגעברענטע פעדערן, פון טליענדיקע דעכער, פון איינגעהאַלטענעם אָטעם און פון פאַרשטאַנענעם בלוט. הייזלעך שטייען ביי זייט, צוגעהויקערטע, איינגע־טוליעטע, מיט אויסגעבויגענע ווענט: אויפצוכאַפּן אַ שאָרך, מיט שוואַרצע, אָפענע ווינטרינעס: אויסגערינענע אויגן־לעכער צו פוסטער שטילשווייגעניש פאַרגלאָצט.

צעשאָטענער בוקעט סאָלדאַטישער באַלאַגערט שטומע הייזלעך, וועקט אין עטלעכע שפּראַכן. נאָר הייזלעך זענען טויב. פאַרשידענע פּויסטן האָבן דאָ אין משך פון עטלעכע מעת־לעת געקלאַפּט. פאַרשידענע קולות האָבן געוועקט. איצט איז שוין שווער געוואָרן פּויסט און שטים אונטערצושיידן. איצט הערשט נאָר בלויז גליוווער אַרום און אַרום. קאַלטער פאַרשטאַנענער גליוווער. אַליין וועט זיך דאָ קיין קלאַמקע נישט עפענען — מעג זיין פאַר פריינד און רעטער. מיט געוואַלד וועט יעדע האַנט עפענען, אַ יונגלעשע אפילו אויך.

פראַנץ גערלינג רופט אין נאַכט:

— אונד וואַכע?...

— וואַכע...

זיין טאָן איז נישט באַפעלעריש. אַלע שווייגן. און נאָר לייב לעווי ענטפערט צוויי מאָל:

איך...

איך...

ער ווייסט, סוף כּל סוף וועלן זיך טירן עפענען. פייערלעך ציטערדיקע וועלן טאַנצן אין לופט. און ווייבער פאַרהילטע, שאָטנדיקע און אויסגעצויגענע וועלן שטום אַלץ פאָלגן; וועלן לעצטע שפּייז און געטראַנק פאַר מידע מיליטער־מענער אויף טישן שווייגנדיק אַוועקשטעלן.

אויף אים קוקן אויגן אין פינצטערניש, אויגן, וואָס שווייגן, וואָס גיבן קיין שאָקל נישט, אויגן, וואָס צעלייכטן מיט פינצטערניש פון חושך אַרויס. ער קוקט אין נאַכט און פילט ווי אין ברוסטקאַסטן זיינעם וואַקסט זיך עפּעס אַ נאָגענדיקס און ציטערנדיקס, צעוואַקסט זיך אַזוי גיך אוןברייט, אַז, אָט, אָט, וועט די שטייפע ברוסט זיינע פּלאַצן און זידיקס און גיפּטיקס וועט אַרויסשפּריצן און דערטרינקען שטיין און ברוק אַרום ויך. ער שטייפט דעריבער ביקס צו אָרעם און קלאַפּט הילכיק מיט טריט איבער שטיין.

מיט אים קלאַפּן נאָך אַ פּאָר סאָלדאַטישע פיס, אַ פּאָר פוילע, שלעפּענדיקע פיס, וואָס קלאַפּן אָן שטיין, כדי זיך אַליין פון שלאָף צו וועקן.

## V.

העי, ווער איז?...

— העי!...

לייב לעווי האַלט ביקס פּאָרויס, גרייט ביי צינגל אַ דרוק צו טאָן. באַגלייטער זיינער פאַרריכט טריפנדיק ליכטל אין לאַמטערן און צילט מיט פינגער עטלעכע אומבאַוועגלעכע נאַכטיקע ברואים:

— איינס... צוויי... דריי...

דריי פּעלצן. דריי פאַרהילטע קעפּ. דריי פּאָר שמאַטעדיקע פיס אין פליסקענדיקער ווייכער בלאָטע.

— גיין...

מ׳גייט לאַנגזאַם, פּעסט. פון ווייט ווינקען צוויי סעמאַפּאָרישע אויגן מיט רויטן און גרינעם בליק. שמאַטיקע פיס שטרויכלען זיך אין געדרייטע, פּלאָנטערדיקע רעלסן. קללה און געבעט פאַלן אין בלאָטע.

— באַטיושקאַ, פּאָמילוי,... באַטיושק...

*

אַ וואָקזאַלעכל, אַ קליינס און אַן אָנגערויכערטס. אַ פאַרשלאָפענער טעלעגראַפיסט רעדט צו וואַנט, אָפּגעהאַקט און נישט צו דער זאַך. אַ לעדערנער מאַן אַ ריזיקער זיצט מיט אַ פּאָר לאַנג צעצויגענע הירשעשע שטיוול און קלאַפּט זיך מיט מעכטיקער האַנט אין לעדערנער ברוסט אַריין:

— יאַ קוזניעץ...

— יאַ קוזניעץ...

לייב לעווי שטעלט אַוועק ביקס אין ווינקל און פאַרקריכט מיט גיריקע הענט אין דריי אומבאַוועגלעכע, שמאַטיקע ברואים. באַגלייטער זיינער גייט היימיש צו צו טיש, ער כאָרכלט אויס דאָס לעצטע ביסל פון אַ הפקרדיקער פלאַש און ברומט צו לעדערנעם מאַן:

— אונד איך בין טישלער...

— טישלער...

שמאַטיקע ברואים שטייען גלייך, פאַרגליווערט, ווי טומבעס, און לאָזן צ׳ען פון זיך צעקנאָדערטע זיידענע טיכלעך און זילבערנע שוואַרץ-גראַווירטע בעכערלעך.

לעדערנער מאַן, ריזיקער, קוקט זיך ניט אום. ער האָט וויכטיקערע זאַכן געזען און אויך אַזוי גלייכגילטיק געבליבן. איצט איז אים וואַרם דאָ, ליכטיק. און אַ פלאַש שטייט פאַר אים, אַ פלאַש, וואָס האָט צוויי טעמים: פייער און זאַקרויב. שפּעטער, קאָן זיין, וועלן ווידער פיינטלעכע פייערלעך אָנפל׳ען — וועט ער דאַן לאָזן שטיין לאָמפּ אויף טיש אַ ברענענדיקן, וועט פאַרמאַכן טיר הינטער זיך און נאָר בלויז נעמען פון ווינקל ביקס אויף פּלייצע אין איבערגעבן זיך אין רשות פון נאַכט. נעמט ער דעריבער נאָך אַ פלאַש אַ פולע פון אונטערן טיש. שטעלט האַסטיק אַוועק נעבן לעווי און שטאַמלט מיט פרייד:

— שנאַפּס קאַמעראַד...

— יאַ קוזניעץ... יאַ קוזניעץ...

נאָר, אַז לייב לעווי רירט זיך ניט צו און וואַרט אויף באַפעל — גיט נאָר לעדערנער מאַן אַ זייטיקן בליק אויף די דריי שמאַטעדיקע ברואים און טאַכט פויל ביי פירקאַנטיקן קוילנטאַש זיינעם:

— נאָך קלעקן עפּעס ביי פאַר זיי?...

ניין. ער האָט אַלץ אויסגענוצט. בלויז ביי לייב לעווי שטעקן נאָך עטלעכע שפּיציקע מעשלעך אין ברעזענטענעם קוילנטאַש. דער באַגלייטער זיינער עפנט טיר אין דער ברייט און לאָזט אַרויס אַ שטיק פירקאַנטיקע שיין צוזאַמען מיט דריי שמאַטיקע נאַכט־בּרואים.

*

דריי פעלצן. דריי פאַרהילטע קעפּ. דריי שמאַטיקע פיס אין פלאָנטערדיקע רעלסן געשטרויכלט. דריי לעצטע פינצטערע בליקן אין נאַכטיקן חושך אַ צוגאָב. דריי רויכיקע פייערלעך אין נאַכט געשיקט. דריי טעמפּע כליופּן אין לויזער בלאָטע. דריי לעצטע געבעטן אין פוסטער נאַכט אויסגעבייטלט:

— באַטיושקאַ פּאָמילוי...

— באַטיושק...

# מלך ראַוויטש / פּרעהיסטאָרישע לאַנדשאַפטן

---

## וועלף ווערן געבוירן

א ויפגעגאַנגען איז די בליִונג אויף די קאַרשנביימער
אינם קאַרשנביימער=קוסטעס=וואַלד,
און דער רעגן איז געגאַנגען שמעקנדיק און לייכט.
אום האַלבער נאַכט, אינמיטן וואַלד
איז אין דער וועלפישער נאָרע געוועזן
דושנע און ווייגעשוואָלענע נאַכט.
די וואָלפּעכע איז געוועזן צייטיק אויפגעגאַנגען,
און אירע ציצן פול און פויל און האָריק אויף די זייטן אָנגעקוואָלן.
האָט זי זיך אויסגעשפּרייט
אויף דעם פּאַריאָריקן, פּאַרדומפּן=פוילן בלעטערוואַרק
און פון דער מאָרדע איז גערינען סלינע.
האָט זי די פּאָדערלאַפּעס אויסגעשטרעקט אין צער,
און צוגעוואַלגערט זיך צום פּעפער וואָלף:
וויי איז מיר, מיין חבר, וויי איז מיר — —
האָט די אויסגעקרומטע מאָרדע שטיל גערעוועט.
און דורך איר ציטערדיקן, הייסן לייב,
וואָס איז געוועזן שוין אינגאַנצן מוטער,
האָט ער דערפילט,
ווי עס קריכן אינעווייניק אום די יונגע אירע,
האָט ער אַראָפּגעטרייסלט אירע פּאָדער-פיס פון זיך
ווי אַ צווייג, אַ צוגעטשעפּעטן אין האַרבסט —
און אין דער מאָרדע האָט ער איר געטאָן אַ ביס,
פול מיט פּאָטערלעכן צער=פילן
און איז אַנטלאָפן אין דער שמעקנדיקער נאַכט אַריין
מיט אַ יאָמער=בילן.

און דערווייל האָט מיט דער מוטער
דער וויי געטאָן אַ דריי,
און שוין האָט זי געסיקעט דורך די ציין, ווי אַ שלאַנג.
פּלוצלינג האָט דער וויי אַ כאַפּ געטאָן דעם שווערן קנויל
ביים לאַנגן מויל,
האָט זיך דער קנויל אין זיינע ציין געטאָן אַ ריס,
ווי אַ הערש פון אַ וואָלפישן ביס.
אַזש עס זענען פון איר לייב, וואָס איז געוועזן שוין אַצינד

ווי אַ גאַנצער האָריקער באַרג געשוואָלן,
די בלינדע, זוכנדיקע יונגע
מיט די פּיסקעס צמאָקנדיק אַפּורגעקוואָלן.

פעלזן־וועלט

איבער אַלע וועלטן־וועלדער שטאַרן די בערג,
איבער אַלע בערגער סטערטשעט דער פעלז,
אין אַלע פעלזן טאָטשעט די צייט. —
ביינאַכט ווערט ער פרוכנע פון רעגן
און ברעקלט בייטאָג אין דער זון.

און הענגט איבער טאָלן,
איינזאַם.
און אין זיין האַרצן איז געוועזן ריס אויף ריס,
און אין די ריסן האָט געריזלט שטיינערדיקער זאַמד
און האָט געכראַפּעט, ווי די לונגען פון געהרגעטע בהמות,
כראַפּ,
כרראַפּ,
ביז דער בראָך האָט דורכגעבראָכן.
און געפאַלן איז ער ווי אַ דונער,
אַזש ס'האָבן זיך די קאָרעניעס פון ביימער אויסגעקערט
און אים נאָכגעשפּרונגען מיט געקנאַק.

און אויף די העכסטע וואַלד־באַרג־פלאַכן,
נאָענט נעבן בלויען הימל,
האָט דער בער זיך אויפגעזעצט אויף זיינע הינטערפיס
און האָט זיין מאָרדע נייגיריק אַרומגעדרייט
פון דרום צו מזרח און פון מזרח צו צפון.
איז די אָדלערעכע אויפגעפלויגן פון איר נעסט
מיט שאַרפע, הויכע קרייזן דרייענדיק, און געסקריפּעט מיט איר שאַרפן פיסק.

ווידער איז שטיל.

און דער לעצטער וועקט זיך אויף דער ווינט —
וואַרפט ער אום אַ וואָלקן פון די פיס —
גיט ער אים אַ פינצטערן ריס,
קריצט מיט אַ דונער און בליצט מיט אַ בליץ —
און לאָזט אַרויס דאָס ווייסע רעגן־בלוט
פון אַלע זיינע ווייסע וואָלקן־בריסטן,

און יאָמערט שוין אַזוי
און איבערשטראָמט די גאַנצע וועלט
מיט גאַס —
ביז צו די טונקעלע ברעגעס פון דער נאַכט.
און דאַן קומט שטילע שטערן-נאַכט.
קלעפן זיך די פיס פון ביימער אין דעם נאַסן, קאַלטן, פוילן בלעטערוואַרק
און ציטערן שטאַרק,
און פון די בלעטער טריפט די קעלט.
אָבער פון די טיפע טאָלן קומט דער ביינאַכטיקער וואָי פון די חיות,
קומט דער ביינאַכטיק-באַהאַלטענער קוויטש פון די פייגל
אין שטילע קרייזן אַרויף.
אין שטילע קרייזן
קומט צו די הייכן
דער ביינאַכטיקער וואָי פון די חיות,
דער באַהאַלטענער קוויטש פון די פייגל
אַרויף.

וואַלד-וואַסער

אַמאָל, — דריימאָל אַמאָל —
אפשר זענען דאַן די בערג געווען נאָך יונג און געל און גאָל,
און הוילער שטיין,
איז דער גרינער זאָמען פון די וועלדער נאָך געווען ווייט
ערגעץ אין טאָלן,
אַז דאָס וואַסער דאָ
איז נאָך אַ וואָלקנבראָך און נאָך אַ פעלזנבראָך
פון דעם שטיין אַפּירגעקומען,
רינט עס נאָך.

און אַז די גראָזן זענען אָנגעקומען מיטן ווינט,
ביימער, פאַלנדיקע אָסיענבלעטער,
האָט עס דעם וואַסערס גליטשיק-בלויע אויבערפלאַך
פאַרוואַקסן גרין און גרינער.
און נאָר די שאַרפע פּרי פון אַ קאַשטאַנבוים,
וואָס איז געשטאַנען ביי זיין ברעג,
האָט פאַלנדיק אין האַרבסט דאָס וואַסער אויפגעגראַטשט.
און די זון האָט, דורך די בלעטער, אין די הייסע נאָכמיטאָג
געגליצערט אויף די גרינע פלאַכן.

זענען פול און פולער די יאָרן אויף דעם קאַשטאַנבוים געוואָרן,

דער ווינט האָט אין זיין קאָפּ געיאָגט, דאָס וואַסער זיינע פּיס געגאָגט,
און דער זאַטער האַרבסט איז פון די צווייגן אים אַראָפּגעהאָנגען,
ווי דער טראָגנדיקער בויך פון חיות.
האָט ער די צווייגן זיינע פלוצלינג אויפגעשראָקן אין אַ נאַכט אַמאָל אַרויסגעשטעקט,
און האָט זיך אַנידערגעשטרעקט
מיד,
און אויף דעם וואַסער איז ער איבער־קווער
געפאַלן שווער,
און האָט זיך אָנגעשפּאַרט ביים צווייטן ברעג.

— ליג!
קלערט צו אים דער טיגער אין דער נאַכט,
ווען ער שלייכט זיך פּרווונדיק, דורך זיין נייער וואַסער־בריק
צו די דורשטיקע קרבנות־חיות.

און דער סעמפּ
האָט זיך אין אַ זומערדיקן, שפּעטן מאָרגן
אַנידערגעזעצט פאַרקלערט
אויף זיין נאַקעטן שטאַם,
און האָט זיין גאָלן נאַקן איינגעצויגן און דעם קרומען שנאָבל אויסגעשטרעקט
אַרויף —
עס האָבן די זשאַבעס זיין פליגל־שלאַג
אין וואַסער ביים ברעג דערהערט,
און האָבן זיך טיפער פאַרבאָרגן
אין זייערע אויגנס זומפּיקע, גרינע זאָרגן,
אין דעם פאַרשוויגענעם וואַסער־גראָז.

## בופלאַקסן אין אַ פאַלנדיקער נאַכט

ב רויקייט פאַלט —
דער רויטער באַלן איז אַרונטער שוין אונטער אַלע הויכע בערג,
און געפאַלן איז ער שווער.
די ערדיק־גרויע קרעבסען־סטאַדע האָט דאָס ווידער־קול פון וייטן, שווערן פאַל
קוים דערהערט,
אין לעצטן קאַלטן וואַסער־חלום פון פאַרנאַכט,
און האָט אַרויסגעגליטשט זיך פון די נאַרעס אין דער נאַסער ברעגעס־ערד
צו די נאָנטע, נידעריקע שטייענדיקע וואַסערן,
און האָט זיך אונטער דער פלאַך געדוקט
און מיט די גרויע, די האַרענע שערן די פלאַך געשווירן,
און האָט זיך צום סוף אין די פליטקע גרונטן פאַרלוירן.

און ס'איז די פינצטערניש אַנידערגעפאַלן,
די סטאַדעס פון די קרעבסן האָבן שוין געפראַוועט טונקעלע, נאַסע, זאַטע נאַכט.

און ווי אַן אומזיכטבאַרע, לייכטע שלאַנג,
וואָס איז דעם טאָג אַדורכגעשלאָפן ביי אַ סטאַדע פאַשנדיקע בופל־קי,
האָט דער נאַכט־ווינט אויפגעציטערט און זיך אַ דריי געטאָן,
און זיך אויפגעהויבן;
און צישנדיק דורך לייכטע ציין, צווישן די ביימער זיך אויסגעצויגן
און אויף דער טונקעלקייט אַוועקגעפלויגן,
גלאַטיק, לוסט־פול, דורכצופליען דורך די לייכטע לייבער
פון זיינע אַלע איין־נאַכט־ווייבער.

און דער קוואַל אין די בערג, די מאַמע פון קרעבסען־טייך,
האָט גערעדט — גערעדט —
אַרום און אַרום האָט שוין די וועלט די העלדזער אירע אַלע אויפגעהויבן
און צו די רוקנס צוגעקערט
און געשלאָפן טויב — —
האָט דער קוואַל גערעדט — גערעדט — גערעדט —
לאַנגע, רינענדיקע ווערטער.
און פון יאוש האָט ער זיך צום סוף אַראָפּגעוואָרפן
און האָט זיך לאַנג דעם קאָפּ געפּלעט, געפּלעט, געפּלעט —
פון שטיינערדיקע הייכן
צו זיינע נאַכטלעכע, שטילע טייכן,
און אין די קילע, שטילע וואַסער־פלאַכן איז ער סוף כל סוף אַריינגעשלאָפן.

אויף איר פאַרדומפּענעם געלעגער
איז די בופל־קו מיט אירע זייגנדיקע אויסגעשטרעקט געלעגן.
האָבן זי די יונגע אין די ציצן שמערצפול אָנגעשטויסן.
שטרעקט איר בוהיי אויס די הערנער, הערט ער טריט פון שוואַרצע וויטן,
און אַ לאַנגן, וויסטעניש־באַנגן אויסגעשריי אויף קלאָרן לשון:
ווו—או—כ—ך —
און אין די לעכער פון זיין נאַסער נאַזדרע
האָט ער געשנאַפט אַ יונגע, פאַרבלאָנקעטע קו —
האָט זיך אויף איינמאָל זיין נאַכטיקע רו
האַרט פון הייסן לייב אַרויסגעשטרעקט,
און וואַרפנדיק מיט זיין נאַכט־זאַטן בויך־זאַק
איז ער אויפגעשפרונגען,
שפרונג—אונג—אוה—בוך—שפרונג—בוך —
דער עק איז ווי אַ יונגער סאָסנע־בוים געשטאַנען
צעפלאָכטן אויוון,
און דורכגעשטאָכן דורך דעם גאַנצן לייב איז ער געוועזן,
און איז צווישן די פיר שפרינגענדיקע, אויסגעשפרייצטע פיס אַפורגעשטאַנען —

האָט אים דאָס פייער פון דער ברענענדיקער נאָזדרע גלייך געפירט
דורך דער נאַכט, וואָס איז געלעגן אָנגעוואָרפן אומעטום,
ווי שוואַרצע פעלזנשטיקער.
שפּרונג—אונג—אוה—בוך —
און אין די פאָדער־פיס האָט ער געהאַלטן שוין
די פאַרבלאָנקעטע קו.
און ס'איז די שווערקייט זיינע לייכט אויף איר געווען,
ווי דאָס פייער — און געפלאַקערט אָטעמדיק מיט פייער־ווינט.
דו—או—כ—ך —

אויף דעם פאַרדומפּענעם געלעגער איז די אַלטע קו געבליבן ליגן,
די יונגע האָבן אָן די ציצן אירע שמערצלעך אָנגעשטויסן.
האָט איר אַלטער, קראַנקער הוסט,
וואָס איז אַלעמאָל ביינאַכט געקומען,
אין איר לייב געטאָן אַ ריס,
איז אין דער ברוסט געוועזן ווייטיק פון אַ שלאַנגען־ביס,
אונטער דער שוואַרצער, שווייסיק־וויכער, פאַרענדיקער פעל,
האָט זי זיך אויפגעשטעלט
אויף אַלע פיר מידע פיס
און זיך פאַרגאַנגען אין אַ דעכאַוויטשנע הוסט.

# אלטער קאַצי־זנע / אָן אויג (קאַפּריטשיאָ)

„וועמעס גוף איז עס?" — „מיינער, ברודער!" — „ביסט שוין וואַך?" — „איך בין שוין אויסגעשלאָפן". — „פון וואָס האָסטו געחלומט, ברודער?" — „פון דער וואַרעמער זון". — „באמת?" — „כ'האָב זי דער=טאַפּט מיט מיינע אויגן=הייטלעך". — „און וואָס פאַר אַן אויסזען האָט זי?" — „וואַרעם, ווי אונטער מיין פאַכווע". — „און איך האָב אין חלום מיין כּלה געזען". — „באמת?" — „געזען זי מיט די אויגן=הייטלעך". — „און ווי איז איר אויסזען?" — „גלאַט, ווי דער מאָך ביי מיר צוקאָפּנס, טרוקן, ווי די שטיינער ווייט פון זומפּ".

— „שאַ, דער אַלטער רופט! לאָמיר נענטער קריכן. לאָמיר הערן".

— „שפּאַרט נישט, שפּאַרט אייך נישט! איר וועט אַ נפש צוטרעטן! אַי! צוטראָטן שוין, צוטראָטן!"

— „אַלע זייט איר וואַך, קינדערלעך? אַלע זייט איר וואַך?" -- „אַלע, אַלע!" — „דאַן הערט מיך אויס, קינדערלעך, הערט מיך אויס!" — „מיר הערן דיך! מיר הערן דיך!" — „ווי איז אונדז! מיר ווילן אויך הערן! מען האָט אונדז אָפּגעשטופּט ווייט!" — „אַלע וועלן מיך הערן, קינדערלעך! צו אַלע וועל איך זיך קערן. כּל=זמן עס ליגט נאָך דאָס חיות אין מיינע אַלטע ביינער, וועל איך נישט אויפהערן צו שרייען צו אייך: ליכט איז פאַרהאַן, קינדערלעך! אַ גרויס ליכטיקייט! ווי מיין פאָטער האָט געלערנט, ווי מיין זיידע האָט געזאָגט... זאָגט זשע אַלע נאָך, קינדערלעך!" — „ליכט! ליכט!". — „אַ גרויסע זון הענגט ערגעץ איבער דער וועלט און עס באָדט זיך די וועלט אין איר ליכט, אין איר וואַרעמקייט". — „קאַלט איז אונז, זיידעניו, קאַלט!" — „זאָגט זשע, קינדערלעך, אַלע אין איינעם:" — „זון! זון!" — „הייבט אויף אייערע הענט צום פּנים; דאָרט ביים שטערן, פון ביידע זייטן נאָז, וואָס האָט איר אָנגעטאַפּט?" — „אויגן=הייטלעך! אויגן=הייטלעך!" — „אָט די וועלן זיך אויפהייבן ביי אייך, ווען מיר וועלן אַרויס פון דער פינצטערער הייל, ווען מיר'ן אַרויס אויף דער ליכטיקער וועלט. און מיר וועלן זוכה זיין צו זען ליכט! ליכט! זאָגט זשע, קינדערלעך:" — „ליכט! ליכט!"

— „און די מרגלים אונדזערע..." — „שאַ, ווער שטערט דעם אַלטן אין די רייד!" — „און די מרגלים אונדזערע, וואָס זענען אַוועק און נישט צוריקגעקומען?" — „אָן שפּיציקע שטיינער געשטרויכלט געוואָרן!" — „אין דומפּיקע זומפּן געפונען דעם טויט!" — „לאָמיר זיי באַוויינען! לאָמיר זיי באַקלאָגן!" — „שאַ! נישט גע=וויינט און נישט געקלאָגט! מיר זענען זיך אָן זיי מיאוש געווען". — „לאָמיר גורל וואַרפן! לאָמיר אַנדערע שיקן!" — „זוכן אַן אויסוועג! אַן אויסוועג!" — „מיר ווילן נישט בלייבן מער אין דער הייל! מיר ווילן נישט! מיר קאָנען נישט!".

— „וואָס פאַר אַ פלוצלונגער געטומל אַרום?" — „ווער שפּאַרט עס? ווער טרעט עס איבער קעפּ?" — „איר דערשטיקט דאָך נפשות!" — „איז וואָס? ביי יעדן טומל דערשטיקט מען נפשות!" — „לאָזט אונדז דורך! לאָזט אונדז דורך!" — „צום אַלטן! צום אַלטן!" — „ווער זייט איר דען, די בילעכערע? דאָ זענען אַלע גלייך!" — „מרגלים זענען מיר! אַ בשורה ברענגען מיר! לאָזט דורך צום אַלטן! פירט אונדז צום אַלטן! זאָל דער אַלטער אונדז דערלאַנגען זיין שטים!" — „זיי מאַכן שפּאַס! זיי טרייבן חוזק! עס קאָן נישט זיין! נאָר וואָס גערעדט פון זיי! זיי זענען אומגעקומען! אַלע אומגעקומען!" — „ניין, מיר לעבן!" — „ניין, איר זענט טויט!" — „ווער רעדט? דו רעדסט?" — „איך רעד?" — „ווער איך?" — „נישט וואַרג מיך באַרן האַלדז, איך האָב אַ בשורה!" — „נישט שלאָג איבערן קאָפּ, איך וועל דיר אָפּבייסן אַ האַנט!" — „שאַ! שטיל! דער אַלטער שווייגט! דער אַלטער וויינט! דערהערט די גוטע בשורה!" — „זיידע, טייערער! אַ וואָרט!"

— „מיר הערן נישט זיין קול! אַ פרעמד קול! מיר האָבן מורא! זאָל דער אַלטער רעדן!" — „דאָס רעדט דער פרעמדער, דער געקומענער. איך דערמאָן מיך זיין קול! איך דערקען אים!" — „איך בין אַלט! כ'וועל קיין ליגן נישט זאָגן. איך דערקען אים אויך. ס'איז איינער פון די מרגלים!" — „די גאולה! די גאולה!"

— „זענען מיר געגאַנגען אַזוי לאַנג, אַזוי ווייט, ביז מיר האָבן ענדליך געפונען". — „וואָס האָט איר גע=פונען?" — „אַ וואַנט האָבן מיר געפונען". — „אַ וואַנט האָבן זיי געפונען!" — „ווי צו אונדז! אַ וואַנט האָבן זיי געפונען!" — „און אין דער וואַנט — אַ טיר!" — „וואָס?" — „אַ טיר!" — „ווי?" — „אַ טיר!" — „וואָס הייסט, אַ טיר?" — „אַ פאַרשלאָסענעם אויסוועג". — „פאַרוואָס האָט איר נישט אויפגעמאַכט?" — „נישט פאַר אונדזערע כּוחות. די טיר איז פון אייזן. די ריגלען זענען שווער". — „וואָס שווייגט דער אַלטער?" — „הערסט, זיידע, הערסט?"

— „איך הער, קינדערלעך, איך הער! דאָס קול פאַרהאַקט זיך מיר פאַר שמחה! וואָס שווייגט איר, מיינע קינדערלעך? לאָמיר לויפן צו דער גאולה! לאָמיר אויסברעכן די טיר!"

אַ שטופעניש, אַ לויפעניש, אַ האָגל טריט, אַ ים געיאָמער. יעדער האָט מורא פאַרבלייבן צו לעצט. יעדער האָט מורא, דאָס ליכט צו פאַרשפעטיקן. אַ געווימל אין אומענדלעכן חלל פון הייל. קריכט דער פאָרזיכטיקער אויף אַלע פיר. שטויסט זיך דער היציקער אָן אויף אים, לויפנדיק. לאָזן זיי איינער דעם אַנדערן נישט אָפ. „נישט דו דער ערשטער, נאָר איך!" „נישט דו, נישט איך!" ביידע באַרג אַראָפ... הערן די פאַרביילויפנדיקע: עס בלעזלט דער זומפ. ווער מעסט צייט אין אייביקער נאַכט? ווער מעסט כוח אין ריזיקן געלאַף? ווער ציילט גופים צווישן שפיציקע שטיינער? הערט שוין דער געפאַלענער דעם געברום פון דער ווייט. באַווייזט ער נישט זיין ווונד צו באַטאַפן — הערט ער שוין גאָרנישט...

— „וואָס אַזאַ ענגשאַפט? וואָס לויפט מען נישט ווייטער?" — „שפאַרט נישט פון הונטן, מיר ווערן דערשטיקט!" — „אַלע מאָל ווערט מען דערשטיקט ביי שפאַרעניש". — „וואַנט! וואַנט!" — „ווו? — ווו?" — „לאָזט מיך צו צו דער וואַנט, מיין נשמה אויסהויכן!" — „לאָזט מיך צו צו דער וואַנט, מיין האַרץ אויסשפייען!" — „נישטאָ קיין בילעכערע! נישטאָ!" — „לאָזט דורך דעם אַלטן! מען טראָגט דעם אַלטן!" — „זיידעניו, זיידע, מיר קושן די טיר!" — „זיידעניו, זיידע, מיר לעקן די ריגל!" — „מיר זענען שוואַך, זיידע! מיר זענען שיכּור!".

— „לעקט נישט די ריגל און קושט נישט די טיר, פּראָים!" — „דער אַלטער רעדט, הערט!" — „מיט אַ זיכערן קול! מיט אַ יונגערן קול!" — „מיט שטיינער פון צופוסנס, מיט קעפ און מיט פויסטן — זעצט אין דער טיר! ברעכט!".

אַ קלאַפ אַ נישט זיכערער. אַ קלאַפ, שוין אַ זיכערער. אַ שטויס, אַ בראַזג, אַ דונער. אַ געיאָמער פון יציאת נשמה. אַ באַרג אַ רירעוודיקער. אַ באַרג אַ געקנאָטענער. הענט־פיס פלאָנטערן זיך אין אויפגעוויקלטע געדערים. ווער פון זיי ווייסט, ווי הויך ער שטייט און מיט וועמעס אָפּגעריסענעם קאָפּ ער זעצט אין דער טיר? ווער פון זיי ווייסט, ווי הויך וועט שטיין דער הינטערשטער און ווער וועט מיט זיין אָפּגעפליקטן קאָפּ אין דער טיר זעצן?

— „בראַזג! קלאַפ! שטאַרקער! לעבעדיקער! אָט אַזוי! נאָך שטאַרקער!" — „זיידע, די טיר ציטערט, זיידע!" — „די ריגל קרעכצן, זיידע!" — „זיידע, עס רירט זיך די ערד; זיידע, עס פאַלט אויף אונדז די וואַנט! די טיר! די טיר פאַלט! אַי! זאָגט ודוי!!"...

— „האַ? איך האָב פאַרשטאָפּט די אויערן פון דונער" — „וואָס איז אַזוי שטיל?" — „וועמעס גוף איז עס?" — „מיינער, ברודער! דיר נישט, ס'טוט מיר ווי." — מען זאָגט: די טיר געפאַלן." — „זאָגט מען." — „נו?" — „נו?" „ווו ליכט?' — ווער זאָגט: ליכט?" — „ווו זענען אַלע?" — „דאָ, אונטער די פיס... ווייך." — „טייל אַריבערגעגאַנגען" — „וווהין?" — „אויף יענער זייט" — „דו זעסט וואָס?" — „איך רייב מיר די אויגן" — „איך אויך" — „דו זעסט וואָס?" — „האַ? ווער זעט? ווער זעט? לאָמיר אים הרגנען! מיר ווילן אויך זען!" — „זיידע!"

— „ברידער! דער טויער פירט אין אַ צווייטער הייל אַריין!" — „ברידער! דער אַלטער האָט אונדז אָפּגענאַרט?" — „ברידער! אויף דער גאַנצער וועלט איז פינצטער! דער אַלטער האָט אונדז איינגערעדט!" — „כאַכאַ! און איך האָב מיר די אויגן נאָך פריער אויסגעשטאָכן! ווער איז אַ חכם?" — „דער אַלטער האָט פאַרפירט! דער אַלטער — אומגליקלעך געמאַכט! ווו איז ער? לאָמיר זיך נוקם זיין!"

און דער אַלטער הערט. טאַפּט אַ וואַנט מיט טויטע גופים, הערט די רייד. דראַפּעט זיך, קלעטערט, העכער, העכער אויפן ווייכן באַרג. אַ טיר פון אייזן. יאָ, פון אייזן. ליגט. אומגעפאַלן די טיר. דער אַלטער גליטשט זיך, שאַרט זיך, גליטשט זיך פון טיר אַראָפּ... אויף יענער זייט. און ער קייט ווערטער:

— „נישט אמת... כ'וועל מיין חלום נישט אויפגעבן... ליכט איז פאַראַן... אַ גרויס ליכטיקייט... אָט דאָ... אָט נאָענט... אפשר דאָ... נאָז! מויל! אויערן! זויגט! שעפּט! זאָגט! זאָגט ווו איז עס? ליכט איז פאַראַן... אַ גרויס ליכט... נאָר... נאָר"...

דאַן פאַרהאַקט ער די ליפּן, דאָס לעצט וואָרט זאָל פון קעל נישט אַרויס.

„אָט איז א שטיין, ווו דו קאָנסט זיך באַהאַלטן... אָט איז דיין גרגרת... אָט זענען דיינע טרוקענע, ביינערנע, אויסגעקרימטע פינגער. שטייפער דריק! שטייפער! נאָר לאָז קיין פּיפּס נישט אַרויס!... כע־כע! ליכט איז פאַראַן"...

## אורי צבי גרינבערג / פון דער פּאעמע: אַ קאָפּ אַ טורעם

אַ זוי ווי איר זעט מיך:
אַ בלייכער,
אַ שלאַנקער,
און וועלטן=נעכטס הימלען געהייליקטער טרויער
פון ווייטקייט געצויגן,
אין מיינע צוויי אויגן.

אַזוי,
אָט=אַזוי איז אַ מענטש זיך געשטאַנען
ווי איך,
אויף די וועלט=בערג
און טרויער געטרונקען
פון לופט איבער וויי=שטעט,
ווו מענטשן פאַרפאַלן,
די אָטעמס פון זיפצן
און פייכטקייט פון בליקן,
וואָס ציִען צום הימל אַרויף מיט די ווינטן
פון אַלע מקומות,
ווו מענטשן צעגייען — —

אַזוי בין איך האַר פונם איינזאַמער=מלכות
און איך ביז דער טורעם פון צער,
ווו איך קיניג.

איך בין דער טורעם,
דער האַר,
און דאָס אומגליק.

וואָס דען זאָל איך זיין, אַז נישט טורעם אין נעפּל?
וואָס דען זאָל איך טאָן, אַז נישט אָטעמען טרויער
פון ווינט איבער ימים און קלאָג איבער וואַסער?!

כ'האָב אַ ווייב, וואָס באַשלאָפט מיך ביינאַכט ביזן מאָרגן
און גיט מיר — אַ גרויסן — צו זייגן די ברוסטן,
און פינצערע האָר, ווי די נאַכט, האָט מיין שלאָף=ווייב —
איר נאָמען איז: עלנט...
אָ, חושכקע - עלנט!

דו זאָגסט, איך זאָל ליגן אַזוי און נישט שלאָפן —
טאָ פאָלג איך:
איך לאָז מיינע וויִעס נישט פאַלן.

דו זאָגסט, איך זאָל הערן: עס לערנען זיך קלאָגן
ביי נאַכט אונטער טורעמס
די וואָגלערס — די ווינטן
ביי מיינע צעהאָנגענע ברידער אויף סלופּעס
אין פינצטערע דערפער און וואַלד־וועגן וויסטע —
טאָ פאָלג איך דיך, ווייב מיינס,
איך וואַך מיט דיר, עלנט!
איך עפן אַ טיר, אין דער נאַכט, פון מיין טורעם
אַקעגן דעם וויי און געקלאָג פון מרחקים:

קומט, וויי און געוויין, מיטן ווינט אין מיין טורעם!

*

פאַרוואָס ליגט דער זיידע פאַרוויקלט אין טלית
וואָס האָט נישט קיין זילבער־עטרה פון אויוון?
עס שלוכצן די זקנים,
די הענט איבער ד'אויגן.
די זקנות אין דרויסן,
פאַרקאָרטשעט פון עלנט,
יאָמערן:
וויי!
אויף אַ קול צו די הימלען — —

אַ ליגן! אַ ליגן!
משוגענער מוח
קאָן בילדער אַזעלכע באַווייזן פאַר ד'אויגן!
איך בין נישט אַ צווייג פון אַ בוים אַ צעצווייגטן,
מיך האָט די נאַכט פון איר בוזעם פאַרלוירן.
די נ אַ כ ט איז מיין מאַמע,
און זי האָבן וואָגלערס — די ווינטן — געטראָפן
זיצן אַליין אויף די וועלט־בערג און בענקען
און זיי האָבן זי מיט דער אומרו באַשלאָפן...

בין איך אַ ווינט־קינד,
מיין קאָפּ איז אַ טורעם,
עס האָט דער שגעון צעהאָנגען דאָרט גלאָקן

און ס'זיצט דאָרט מיין מוטער —
די נאַכט — אונטער גלאָקן,
און בענטשט מיין געלעגער מיט אויף־זיין און פיבער...
און בענטשט מיין אַרום־נעמען זיך מיטן עלנט:
אויף אייביקע יאָרן.
אויף אייביקע יאָרן.

*

אויסשפייען וועט מיך די נאַכט פונם גומען
און וועט אירע שלייערן אַלע פאַרנעמען.
עס וועלן די הימלען אַנטלויפן אַלץ העכער — —
אַ נאַקעטער טורעם וועט בלייבן באַגינען.

וואָס זאָל איך זאָגן דעם רויטן באַגינען
ווען ער וועט זיך שטעלן פאַר מיר, ווי אַ גיבור,
אין פורפור,
אין רויזן,
באַקרוינט —
און וועט פרעגן:
וואָס איז דער מער, וואָס דיין קאָפּ איז צעשויבערט?
און וואָס איז דער מער, וואָס דיין פלייש איז צעריסן?
און וואָס איז דער מער, וואָס ביי דיר איז אַ ריח,
ווי ס'וואָלטן דאָ מתים געלעגן באַהאַלטן?

אָ, וואָס וועל איך טאָן, אַז אַ פייגל־כאַליאַסטרע
וועט קומען צו מיר מיט געזאַנג אויף די שוועלן
און טוי וועט אויף מיינע צעשויבערטע האָר זיין
און גאָלד וועט מיר ליגן צוקאָפּן, צופיסנס? — —

*

אויף מיין שוועל, אויף מיין שוועל
ליגן עלנטע הינט
און וואַרעמען זיך
אין דער זון.
אין דער זון.

ווו איז מיין שוועל און ווו איז זי נישט?
דאָרט, ווו איך קוואַר
אין אַ זוניקן טאָג,
דאָרט איז מיין שוועל
און דאָרט ליגן הינט.

אויף מיין שוועל, אויף מיין שוועל
זיצן בעטלערס ביינאַכט
און חלומען: געלט, אָקאָוויט און געקעכטס,

ווו איז מיין שוועל און ווו איז זי נישט?
דאָרט, ווו עס שטייט
מיין געלעגער ביינאַכט
און איך וואַלגער דעם גוף
און איך פיבער אַ סך —
דאָרט אויף מיין שוועל זיצן בעטלערס ביינאַכט.

# א. כאַשין (ווין) / אַלעקסאַנדער בלאָק

I

פֿון דעם פֿאַרלעצטן דור פֿון דער רוסישער פּאָעזיע איז בלאָק דער גרעסטער ליריקער און צוגלייך אויך דער רוסישסטער.

בלאָק האָט איבערגענומען די גאַנצע ירושה פֿון פּראָבלעמען און אינטימע איבערלעבונגען פֿון דער רוסישער ליטעראַטור. גאָגאָלס, טאָלסטאָיס, דאָסטאָיעווסקיס און וולאַדימיר סאָלאָוויאָווס אומענדלעכער עלנט פֿון דער וועלט, שרעק פֿאַרן שיקזאַל, פֿינצטערער, שאַפֿנדיקער כאַאָס צוזאַמען מיט דער יאושדיקער בענקשאַפֿט, ליידנשאַפֿטלעך אומרויִק זוכן, רעוואָלטירנדיקער גייסט און די גרויסע, אין יסורים געלייטערטע אמונה אין דער אויסלייזונג — דאָס אַלץ לעבט אין בלאָקן. דער טונקעלער אָפּשיין פֿונם רעליגיעז־מיסטישן פֿאַקעל־צוג אין דער נאַכט פֿון דער רוסישער ליטעראַטור פֿאַלט אויך אויף בלאָקס ווערק.

בלאָק האָט אָבער באַרייכערט מיט זיך די אַלטע ירושה. ער האָט די אַלטע מאָטיוון אויף ס'ניי איבערגעדיכטעט און זיי איבערגעשאַפֿן אין זיין אייגענעם „צלם ודמות“. ער איז געקומען ניט נאָר מיט זיין נייעם פֿיינעם פֿערז און מיט זיין נערוועז־אומרויִקן, וווּנדערלעכן, ערגעץ־ווו פֿאַרשווינדנדיקן, ריטם— נאָר אויך מיט דער אויסגעטרוימטער, אין פֿינצטערע וווּאַלן פֿאַרהילטער, „וועלט־געשטאַלט“.

און הגם זיינע ערשטע ווערק, ווי „פֿערזן וועגן אַ שיינער דאַמע“ און אַנדערע, שפּינען ווייטער דאָס געוועב פֿון סאָלאָוויאָוון, זענען זיי אָבער קינסטלעריש אינגאַנצן ניי און אַנדערש. ניט פֿון פֿילאָזאָפֿישער אַבסטראַקציע און הויכער מיסטישער חקירות, ווי ביי סאָלאָוויאָוון, קומט בלאָקס סימבאָלישקייט. זי גייט אויף ווי אַ שאָטן אויף די ליכטיקע וועגן פֿונם טאָג. זי ציט זיך אומזיכטבאַר פֿון די כאַאָטישע, טומאַנע, פֿייכטע פּעטערבורגער גאַסן. בלאָק איז ניט קיין רעאַליסט. זיין שאַפֿונגס־שטאָף איז דאָס „אייביקע געוועב פֿון דער לעגענדע“. נאָר צווישן די טונקל־בלויע זעגלען פֿון זיין ראָמאַנטישער סימבאָליק פֿלאַטערט ערגעץ ווו, ווי אַ ווינט, די טריבעווירקלעכקייט. ביי זיין גאַנצער טונקעלער סימבאָלישקייט האָט ער אייגנגעהיט אַן אינטימע באַרירונג מיט אונדזער אומעטיקן טאָג. זיינע זעונגען זענען ווייטע, געהיימע, ניטדאָיִקע, אָבער דערביי איז זיין טרויער דורכגעדרונגען מיט אוממיטלבאַרן, ווירקלעכן מענטשלעכן צער, און זיין געזאַנג קלינגט לויטער און אויפֿריכטיק, ווי פֿון טיפֿן האַרצן אַרויס.

זיין געהיימער בענקשאַפֿטלעכער אומעט שפּרייט זיך, ווי אַ זילבער־טומאַן, איבער אונדזער הויז, שענק, הויף, גאַס און שטאָט, זיין סימבאָלישע דערוואַרטונג — ווי אַ טונקל־בלויער האָריזאָנט איבער די אויסגעלאָשענע, בלינדע פֿלעקן פֿון אונדזער ווירקלעכקייט.

II

זיינע ערשטע ווערק פֿון 1905 און שפּעטער זענען פֿול מיט שוועבנדיקע, אומקלאָרע און אין זיידנס פֿאַרהילטע געשטאַלטן. „פֿערזן וועגן אַ שיינער דאַמע“ — דאָס בוך פֿון פֿייערלעכער פֿאַרליבטקייט, „די אומבאַקאַנטע דאַמע“ — דאָס בוך פֿון פֿאַרנאַכטיקער, פֿאַרוווּנדעטער און אומענדלעך ט.־ויעריקער ליבע ביז צו „די שניי־מאַסקעס“ — — זיי זענען אַלע גייסטערהאַפֿטיק און ראָמאַנטיש.

אַפֿילו אין „די שניי־מאַסקעס“ — ווו די אבלות נאָכן געשטאָרבענעם פֿייער מישט זיך מיט דעם אויפֿלויכטן פֿון דער פֿריִערדיקער „שיינער דאַמע“, ווו עס ראַנגלט זיך דאָס שווערע געמיט מיט דער מיסטישער פֿאַרגליבטקייט, דער שוואַרצזעער מיטן טרוימער, — בלייבט ער נאָך אַלץ דער דיכטער פֿון איבערערדישע סימבאָלן, פֿון „ספּירימועלע“ געשטאַלטן.

ערשט 1909, אין זיינע „נאַכטיקע שעהן“ איז ער גובר זיין ראָמאַנטיזם, הערט ער אויף אַרומצופֿליִען אינם בלויען עפּיר און לאָזט זיך אַראָפּ, צו שפּאַנען איבער דער פֿינצטערער ערד. זיין פֿערז ווערט געוויכטיקער, זיין ריטם רויִקער און קלאָרער, זיינע זעונגען באַלאָדן מיט ממשותדיקייט און שווערן טראַגיזם. און וואָס ווייטער, אַלץ מער דריקט אים אַראָפּ די לאַסט פֿון ערד: זיין מיסטיש־צעפֿלאָסענער קאָסמאָס, זיין גייסטערהאַפֿטיקע „אומבאַקאַנטע דאַמע“ באַקומען גשמיות, זיינע אָפּגעריסענע, האַלב הימלישע געשטאַלטן וואַקסן אַריין אין דער גרויסער ערד — ר ו ס ל אַ נ ד.

רוסלאַנד, אָרעמע רוסלאַנד,
די גרויע הייזלעך דיינע,
דיינע ווינטיקע לידער
זענען ווי טרערן פֿון ערשטער ליבע.
דיך באַדויערן קאָן איך נישט
טראָג איך שטיל מיין קרייץ...

בלאָק קערט זיך אום צו גאָגאָל־דאָסטאָיעווסקיס רוסלאַנד. ער דערפילט די שוואַרצע, רויכערדיקע מוטער ערד אונטער די פיס. רוסלאַנד ווערט דער טונקל־פלאַמענדיקער צייכן פונם וועלט־שיקזאַל, די אויסגעבענקטע, פאַרהילטע וועלט־געשטאַלט. און ווי אַלע גרויסע רוסישע דיכטער, וואַרפט ער אויף זיך אַרויף רוסלאַנדס שווערן און דערדריקנדיקן קרייץ.

## III

„אין שטראָם פון געדאַנקען און פאָרגעפילן, וואָס האָבן מיך פאַרכאַפּט מיט צען יאָר צוריק, איז געווען אַ געמישט רוסלאַנד־געפיל: בענקשאַפט, שרעק, תשובה און האָפענונג". דאָס דאָזיקע געמישטע געפיל פון דעם סתירותדיקן רוסלאַנד מיט זיינע שאַרפע קולטורעלע און פאָליטישע דיסאָנאַנסן, מיט זיינע קלאַסן־היפוכים, דעם געפאַלענעם בירגערטום, דער אָנמעכטיקער אינטעליגענץ, די געשלאָגענע רעוואָלוציעס, האָט שוין פון לאַנג אָן געשאַפן אַ ווירוואַר פון כאַאָטישע, מיסטיש־רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע געדאַנקען און שווערע אינערלעכע קאַמפן, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די גרעסטע גאונים פון דער רוסישער ליטעראַטור. אָט דער ווירוואַר האָט אויך בלאָקן פאַרכאַפּט, און וואָס ווייטער אַלץ מער אים באַהערשט.

„רוסלאַנד פון בענקשאַפט, שרעק, תשובה און האָפענונג", וואָס בלאָק האָט אַזוי שווער און קאָשמאַרהאַפטיק אויסגעדיכטעט אין זיינע לעצטע לידער, האָט געפונען אויך זיין פובליציסטישן אויסדרוק אין זיין ביכל „רוסלאַנד און די אינטעליגענץ".

צווערשט קומט די דערנידערנדיקע אָנמאַכט פונם מויל־קאַמף, וואָס ס'פירט די ליבעראַלע אינטעליגענץ:

— „וואָס קאָנען די רוסישע אינטעליגענטן זאָגן סטאָליפינען און דעם סינאָד? אַפילו פאַר די טאַלאַנטלאָזיקסטע רייד זייערע פאַרשטאָפּט מען זיי דאָס מויל. ס'איז ווירקלעך גאָר קיין שפּאַס ניט, נאָר אַ ווייטאָק צוצוזען, ווי מענטשן פרווון זיך נאָך אַלץ בונטעווען (מיטן מויל און נישט מיט מעשים) און מ'פאַרשטאָפּט זיי דאָס מויל. ס'וואָלט שוין אַ סך גלייכער געווען צו שווייגן".

און צווישן דער דאָזיקער אָרעמער, אָנמעכטיקער אינטעליגענץ און דעם פאָלק ליגט אַ תהום, וועלכן מ'קאָן ניט אַריבערשפּרייזן מיט „אַלע פאָלקיסטישע" אָנשטרענגונגען מצד דער אינטעליגענץ. מעג די אינטעליגענץ זאַמלען פאָלקס־לידער, מעשיות, מנהגים, ווערטלעך, שטודירן יום ולילה „פאָלקלאָר", און אַפילו אַמאָל זיך מוסר נפש זיין פאַרן פאָלק, בלייבט זי „דאָך אין גרונט אַריין פרעמד און ווייט". — „ס'זענען ווירקלעך פאַראַן ניט נאָר צוויי באַגריפן, נאָר צוויי ווירקלעכקייטן: פאָלק און אינטעליגענץ; אָנדערטאַלבן הונדערט מיליאָן פון איין זייט, און עטלעכע הונדערט טויזנט פון דער אַנדערער זייט; מענטשן, וואָס פאַרשטייען זיך אין דעם עיקר ניט"

און איבער דעם דאָזיקן תהום שטייען „די אַלע געבילדעטע און פאַרביטערטע אינטעליגענטן, וואָס זענען גרוי געוואָרן אין ויכוחים וועגן קריסטוסן; זייערע פרויען אין די פירנעמע קליידער, די פילדענקענדיקע פילאָזאָפן און גלחים, וואָס פרעגלען זיך פון זעלבסטצופרידנקייט"... און — „ווייסן, אַז הינטער דער טיר שטייט דאָס פּראָסטע פאָלק, וואָס נויטיקט זיך אין מעשים.... אָנשטאָט מעשים בלענדט מען עס מיט ווערטער".

„און אויפן גאַס יאָגט אַ ווינט; פּראָסטיטוטקעס פרירן, מענטשן הונגערן, מענטשן ווערן געהאָנגען... און אין רוסלאַנד צו לעבן איז קאַלט, שווער און מיאוס..."

וואָזשע בלייבט איבער? ווו איז דער אויסוועג?

די אַלטע צוואה פון גאָגאָלן: „ליב האָבן רוסלאַנד", אַזוי ווי גאָגאָל האָט עס באַפוילן פאַר זיין טויט. און בלאָק זאָגט נאָך גאָגאָלן זיינע ליידנשאַפטלעכע, ברענענדיקע און בענקשאַפטלעכע ווערטער:

פרוס, רוס! וואָס פאַר אַן אומפאַרשטענדלעכע, „אַרבאָרגענע קראַפט ציט אַזוי צו דיר? און פאַרוואָס קלינגט שטענדיק אין די אויערן דיין בענקשאַפטלעך ליד, וואָס טראָגט זיך איבער דיין גאנצער לענג און ברייט פון ים צו ים? וואָס איז אַזוינס פאַראַן אין אָט דעם ליד, וואָס רופט, קלאָגט און פאַרכאַפּט ביים האַרצן? — רוס! וואָס ווילסטו פון מיר?"

און בלאָק ענטפערט אויף דער פראַגע: „וואָס וויל זי? — געבוירן ווערן". און זאָגט: „דאָס זעלבע רוסלאַנד האָט זיך גאָגאָלן געחלומט ווי אַ בלענדענדיקע געשטאַלט אין אַ קורצן שעפערישן חלום; זי האָט זיך אים געגעבן צו פילן אין שיינקייט, אין מוזיק, אינם פייף פון ווינט און אינם געלויף פון דער ווילדער טראָיקע... נאָך גאָגאָלן חלומט זיך אויך אונדז אַזאַ רוסלאַנד".

אָבער גאָגאָלס רוסלאַנד איז ניט נאָר צוציִענדיק, נאָר אויך פול מיט רעטענישן, פינצטער און אַנגסטלעך. אַפילו גאָגאָל האָט זיך נישט געלאָזט שטענדיק פאַרוויגן פונם „ווונדערלעכן קלאַנג פון די גלעקלעך פון דער טראָיקע". אויך ער פלעגט זיך מיט שרעק אויפכאַפּן און דערזען „איין ריזיקע געשטאַלט פון לאַנגווייליקייט, וואָס וואַקסט אויס מיט יעדן טאָג אומגעהויער גרויס"... און „אַז דאָס לעבן ווערט אַלץ האַרטער און האַרטער... טויטקייט אומעטום, אַ קבר אומעטום".

און בלאָק פאַרזינקט אין דעם דאָזיקן צוציִענדיקן, רעטזעלהאַפטיקן, קברדיקן, נאַכטיקן רוסלאַנד.

וי גאָגאָל האָט בלאָק פאָרגעפילט רוסלאַנדס צוקונפט, דעם פינצטערן וועג ווייטער דורך טויט. און ווי אַ פרום=גלייביקער אויף עולם הבא, וואַרט ער אויף רוסלאַנדס גרויסן שיקזאַל=טאָג. בלאָקן פאַלט עס אָבער שווער אויס. לאַנג קאָן אים דאָס געפיל ניט באַרויִקן. צייטן אַנדערע. גאָגאָלס אומהיימלעכער, שטילער חלום און בית=עלמן=אידיליע איז געשטערט.

„גאָגאָל און אַנדערע רוסישע שריפטשטעלער האָבן ליב געהאַט פאָרצושטעלן רוסלאַנד ווי אַ פאַרקערפערונג פון שטילקייט און שלאָף; אָבער דער דאָזיקער שלאָף ענדיקט זיך שוין, די שטילקייט פאַרבייט אַ ווייט שטייגנדיק געהילך"... רוסלאַנד איז שוין געבוירן געוואָרן און צעוואַקסט זיך ריזיק שנעל. ס'איז שוין פאַראַן אַ רוסלאַנד, „וואָס אַרויסרייסנדיק זיך פון איין רעוואָלוציע, קוקט זי שוין אין די אויגן אַ צווייטער, אפשר אַ נאָך שרעקלעכערער, ווי די ערשטע",

גאָגאָלס דרעמלדיק רוסלאַנד -פון „טויטע נפשות" האָט אַ רודער געטאָן, און דער „ווונדערלעכער קלאַנג פון די גלעקלעך" איז פאַרשטומט געוואָרן. בלאָק מוז זיך שוין אָנגעשטרענגט צוהערן צו דעם דראָענדיקן, דומפיקן, אונטערערדישן גערודער. דער קאָלעקטיווער גרויסער, מעכטיקער גולם „איוואַן דער נאַר" רירט זיך. און בלאָק דערשרעקט זיך:

„...יענץ געהילך, וואָס צעוואַקסט זיך אַזוי גיך — וואָס אַ יאָר ווייטער, אַלץ דייטלעכער הערן מיר עס — צי איז דאָס „דער ווונדערלעכער קלאַנג" פון די גלעקלעך אויף דער טראָיקע? נו, און וואָס וועט זיין, אַז די טראָיקע, „אַרום וועלכער ס'דונערט און די לופט ווערט פונם ווינט צעריסן, וועט גלייך אויף אונדז אַרויפפליִען? וואַרפנדיק זיך צום פאָלק, וואַרפן מיר זיך אונטער די פיס פון דער ווילדער טראָיקע אויף אַ זיכערן טויט".

בלאָק ווייסט שוין אויף זיכער, אַז קיין אַנדערער וועג איז ניטאָ. גאָגאָלן און דאָסטאָיעווסקין האָט דאַן נאָך קיינער נישט געשטערט. די „טויטע נפשות" האָבן זיי קיין ווידערשטאַנד ניט אַרויסגעוויזן. זיי זענען געווען די אומבאַגרענעצטע אַליינהערשער פון רוסלאַנדס נאַכט. דאָסטאָיעווסקי האָט אין איר אַריינגעחלומט זיינע שרעקלעכסטע און הייליקסטע חלומות. ער האָט אין איר טויטער וויסטקייט יענע=וועלטיק נשמה=לעבן געפונען, אין איר כאַאָס — אַ העכערע אָרדענונג, אין איר תהום — אַ הימל מיט שטערן. דאָסטאָיעווסקי האָט עס צו אַ גאַנצער וועלט=שיטה אויסגעבויט, אַ שיטה, וואָס שטייט אין קעגנזאַץ צו אייראָפּע. ער איז געוואָרן דער דיכטער און אידעאָלאָג פונס רוסישן כאַאָס.

בלאָק אָבער האָט שוין פאַרלוירן די פרייהייט און מאַכט פונם „איינזאַמען טרוים". ער איז געשטאַנען איבעררֹאַשט און דערשראָקן פאַר רוסלאַנד אויפן וואָר. זיינע פאַרבאָרגענע, בירושה איבערגענומענע, באַגערן און שטרעמונגען, וואָס ער האָט אַזוי ציטערדיק אָפּגעהיט, האָט ער אין דעם שווערן מאָמענט פאַרלוירן.

„נאָר עס טרעפט און עס האָט שוין געטראָפן, אַז די וואַך שטייט אַ גאַנצע נאַכט אויף די טורעמס און היט אָפּ דעם שלאָף פון די אייגענע, וואָס אונטן. ס'קומט אָן דער פרימאָרגן און נאָר די פאָדערפאָסטן זענען געבליבן. זיי זענען געשטאַנען אין דער הויך און זייער הויכן געדאַנק געטראַכט, נאָר די, וועמענס נאָמען זיי האָבן די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן, זענען שוין אויף דער וועלט ניטאָ; זיי האָט איינגעשלונגען אַ סטיכיע — אַ אונטערערדישע — אָדער די פאָלקס=נאַכט".

אָבער נאָך איידער דער פרימאָרגן איז געקומען, נאָך „פאַרטאָג", ערב דער רעוואָלוציע האָט שוין בלאָק די גאַנצע ירושה פון מיסטישע, נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע, געדאַנקען פאַרלוירן. די „פאָלקס=נאַכט" האָט זיי איינגעשלונגען. און ער איז געבליבן ביי גאָגאָל = דאָסטאָיעווסקיס „נאַכט" — נאָר אָן זייערע חלומות. און בלאָק וואַרפט זיך מיט אַ פינצטערער אַנטשלאָסנקייט „אונטער די פיס פון דער צעווילדעוועטער טראָיקע אויף אַ זיכערן טויט".

„און אין יענער מינוט פון דער געשיכטע, ווען טאָלסטאָי שרייבט זיין „מלחמה און שלום", מענדעלעיעוו אַנטדעקט דעם פעריאָדישן סיסטעם פון די עלעמענטן, ווען די אייזנבאַנען שלינגען איין גרויסע ערד=שטרעקעס אויף אַלע זייטן פון דער וועלט, ווען דער דייטשער אימפּעראַטאָר נעמט שטאָלץ אַרום דעם בעל מופת און אויפריכטער פון דער מענטשהייט דעם „באַזיגער פון דער לופט" — אָט אין יענער מינוט רוקט זיך אָפּ דער ווייזער פון סעיסמאָגראַף אין דער אָבסערוואַטאָריע, און אַ טאָג אַרום ברענגט דער טעלעגראַף די ידיעה, אַז קאַלאַבריאַ און מעסינאַ זענען שוין פון דער וועלט פאַרשווונדן. מיר ווייסן, וואָס עס באַטייטן די וווֹיל=קלינגענדיקע נעמען קאַלאַבריאַ און מעסינאַ, נאָר מיר שווייגן און ווערן בלאַס, וויסנדיק, אַז אויב פון דער ערד איז אַ מאָל פאַרשווונדן כאַריבדיס און סצילאַ — שטייט אונדז פאָר נאָך שרעקלעכערע כאַריבדעס און סצילאַס. וואָס קאָנען מיר, וואָס לעבן אין אַן אַפּאָלאָנישן און אַ מוראַזשקעס=שלאָף, טאָן? מיר קאָנען נאָר איינהילן זיך אין טרויער און אין אָנגעזיכט פון דער קאַטאַסטראָפע פייערן אונדזער טרויער. דאָס קריג=שיף לאָזט אַרונטער ביזן האַלבן מאַסט דעם פלאַג — ווי אַ צייכן אויף דעם, אַז דער פלאַג איז אַרונטערגעלאָזט אין

אונדזער האַרצן". „פאַר דער צעווילדעוועטער סטיכיע איז אַרונטערגעלאָזט דער גאווהדיקער פלאַג פון אונדזער קולטור".

„צי זענען מיר דען זיכער, אַז ס'האָט זיך שוין גענוג פאַרהאַרטעוועט די קאָרע פון אונדזער — אויך אַזאַ שרעקלעכער, ניט אונטערערדישער, נאָר ערדישער — סטיכיע, סטיכיע פון פאָלק?"

„אַזוי אָדער אַנדערש, מיר לעבן איבער איצט אַ שרעקלעכן קריזיס. מיר ווייסן נאָך נישט גענוי, וואָס סארא געשעענישן עס שטייען אונדז פאָר. נאָר אין אונדזער האַרצן האָט זיך שוין אָפּגערוקט דער ווייזער פון סעיסמאָגראַף".

פון שרעק און פאַרלוירנקייט גייט בלאָק אַריבער צו מיסטישן יראת־הכּבוד פאַר דער ערדישער „מעסינאַ און קאַלאַבריאַ" און צו שטילער, פייערלעכער אבלות נאָך אונדזער קולטור.

## IV

די דאָזיקע פאַסיווקייט, די רעזיגנירונג פאַר דער פאָרשטייענדיקער רעוואָלוציע, איז אָבער מעגלעך געווען נאָר ערב דער רעוואָלוציע, אין דער צייט פון קריזיס, ווען די געשעענישן זענען נאָך ניט אָנגעקומען. אָבער ווען די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן און דאָס גאַנצע לעבן איבערגעקערט און אַלץ מיטגעריסן, דאַן איז שוין אוממעגלעך געוואָרן פאַסיוו צו בלייבן. צו פיל האָט די רעוואָלוציע אויפגערודערט און צו שטאַרק געטראָפן אין סאַמע האַרצן פון בלאָקס לעבענס־חלום: רוסלאַנד, אַז ער זאָל קאָנען בלויז פאַרבייגיין מיט אַן ארונטערגעלאָזטן פלאַג און באַנוגענען זיך מיט פייערלעכער אבלות.

בלאָק דער דיכטער און גרויסער מוזיקאַלישער גייסט דערפילט קודם כּל די מוזיק פון דער רעוואָלוציע. ער דערהערט זי.

„מיר האָבן ליב געהאַט יענע דיסאָנאַנסן, געשרייען און קלאַנגען; די אומערוואַרטע איבערגאַנגען אינם... אָרקעסטער און אויב מיר האָבן זי באמת ליב געהאַט און ניט נאָר אונדזערע נערוון קיצלען געוואָלט אין מאָדערנעם טעאַטער־זאַל נאָך מיטאָק; — צי דאַרפן מיר נישט דאַן אויך איצט הערן און ליב האָבן די זעלביקע קלאַנגען, ווען זיי טראָגן זיך צו אונדז פונם וועלט־אָרקעסטער און צי דאַרפן מיר נישט הערענדיק זיי פאַרשטיין, אַז דאָס איז אַלץ מכּוח איינער און דער זעלבער זאַך?".

„מיט אייער גאַנצן קערפּער, מיט אייער גאַנצן האַרצן, מיט אייער גאַנצן באַוווסטזיין — הערט די רעוואָלוציע!".

נישט ווי אַ שווייגנדיקער און אַ בלאַסער אָבל פאַר מעסינאַ שטייט איצט בלאָק פאַר דער „פאָלקס־סטיכיע", נאָר ווי דער „קלוגער עדיפּוס פאַר דער ספינקס". אויך מיטן מוח באַגרייפט ער, אַז:

„ווײ איז צו דעם, וואָס האָט געהאָפט צו געפינען אין דער רעוואָלוציע די פאַרווירקלעכונג פון זיינע חלומות, ווי הויך און נאָבעל זיי זאָלן נישט זיין; ווי אַ שטאַרקער ווינט, ווי אַ שניי־זאַווערוכע ברענגט מיט זיך די רעוואָלוציע שטענדיק עטוואָס נייעס און אומדערוואַרטעטס. פילע נאַרט זי אומברחמנותדיק אָפּ... און אירע ניט־געלונגענע און אָפט אומווירדיקע פּרטים בייטן ניט אום די אַלגעמיינע ריכטונג פונם שטראָם און ניט זיין גוואַלטיק, פאַרטויבנדיק גערויש, וואָס איז סיי ווי שטענדיק דאָס גערויש וועגן דאָס גרויסע"...

דער „וווּנדערלעכער קלאַנג פון די גלעקלעך" איבער גאָגאָלס טויטן שטילן רוסלאַנד, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שרעקנדיקן, דראָענדיקן, אונטערערדישן דונער, איז לסוף דערהויבן געוואָרן צו „דעם גערויש וועגן דאָס גרויסע".

די פולע פאַרווירקלעכונג פון אַלע זיינע פריִערדיקע חלומות האָט בלאָק אין דער רעוואָלוציע נישט געפונען. ער האָט אָבער זיינע חלומות נישט אויפגעגעבן: ער האָט זיך געוואָרפן „אונטער די פיס פון דער צעווילדעוועטער טראָיקע", אָבער ער רייסט זיך צוריק צום זאָטל. אין דער פאָלקס־סטיכיע הייבט ער אָן ביסלעכווייז צו קומען צו זיך, צו זיין אייגענער סטיכיע. דער קלוגער עדיפּוס הייבט אָן פון דער ספינקס פון דער רעוואָלוציע אַרויסצולייענען דאָס אוראַלטע רעטעניש, און אין דער נייער פינצטערער מוזיק, הייבט ער אָן צו הערן און צו פאַרשטיין „אַז דאָס אַלץ איז מכּוח איינער און דער זעלבער זאַך". בלאָק שלאָגט ווידער צענויף דעם אַלטן פּראָבלעמען־קרייז, וואָס איז איצט געוואָרן נאָך בלוטיקער און שווערער באַלאָדן מיט רעוואָלוציע און שפּינט ווייטער דעם איבערגעריסענעם רוסלאַנד־חלום פון גאָגאָל, טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי. „פאַר מיר שטייט איצט רוסלאַנד, וואָס עס האָבן געזען אונדזערע גרויסע רוסישע דיכטער אין זייערע שרעקלעכע און נבואהשע חלומות; דער פּעטערבורג, וואָס דאָסטאָיעווסקי האָט געזען, יענץ רוסלאַנד, וואָס גאָגאָל האָט אָנגערופן די „צעיאָגטע טראָיקע"... דאָ דערגרייכט בלאָק צום העכסטן פונקט פון זיין אינערלעכן קאָנפליקט, פון דעם קאַמף צווישן „קולטור און סטיכיע", צווישן אינטעליגענץ און פאָלק. ער קומט צו דער אַלטער טראַגעדיע פון רוסלאַנד, וואָס ער אַליין האָט אַמאָל אַזוי כאַראַקטעריזירט:

„די דאָזיקע טראַגעדיע האָט די לעצטע צייט זיך

אַמשאַרפּסטן אויסגעדריקט אין דער אומפּאַריינבאַרקייט פון די צוויי יסודות: פון דאָס טאָלסטאָיִשע און מענדעלעיעווישע". בלאָק, וואָס איז אין גאַנצן פונם טאָלסטאָיִשן עלעמענט געקנאָטן, שטאַרקט זיך און וויל אַסימילירן דאָס „מענדעלעיעווישע" פון רוסישן לעבן: די רעוואָלוציע. און ער טוט אָן דעם „פינצטערן וואַל" פון זיין אַמאָליקער „שיינער דאַמע" אויף דעם אומגעלומפּערטן, מגושמדיקן „איוואַן דער נאַר" פון דער רעוואָלוציע, ער וואַרפט אַ מיסטישן אָפּגלאַנץ פון גאָגאָל⸗דאָסטאָיעווסקיס „נאַכט" אויפן נאַקעטן לייב פון דער רעוואָלוציע און עס ווערט געבוירן די פּאָעמע „צוועלף".

דער גרויסער, געוואַגטער פּרווו צו פּאַרייניקן די נשמה⸗קולטור פון די „גרויסע רוסישע דיכטער" מיט דער סטיכיע פונם פאָלק, דאָס מיסטיש איבערערדישע „טאָלסטאָיִשע" מיט דאָס ערדישע, אָפּענע, „מענדעלעיעווישע" האָט געשאַפן דאָס גרעסטע ווערק פון די לעצטע דורות אין דער רוסישער פּאָעזיע — „צוועלף".

V

טיפן פון פאַרשידענע קלאַסן, נאָמענלאָזע מאַסע פון עלנטע און פאַרשטויסענע היימלאָזע, וואָס וואַלגערן זיך איבער דער וועלט און וואָס טוליען זיך אין דער שטורמדיקער נאַכט בּרידערלעך צו צו די רויטע אַרמעיצעס אין די פינצטערע ליידיקע גאַסן.

„שפּעטער אָוונט; ליידיקע גאַס, אַ וואַנדערער איינגעהויקערט, אַ ווינט פּייפט; העה, מיין אָרעמער, קום, לאָמיר זיך צעקושן!"... און ארומגערינגעלט פון די דאָזיקע איינצלע פיגורן צוויי הויפּט⸗העלדן: פאָלק און רעוואָלוציע — „צוועלף", וואָס שפּאַנען אין דער נאַכט אַריין און „דאָס הייליקע אָרעמהייזעלדיקע רוסלאַנד"...

צוועלף אַפּאָסטאָלן קומען נישט מיטן עוואַנגעליום אין האַנט און קריסטלעכער „מחילה וסליחה" אין האַרצן, נאָר מיט שוואַרצע בּיקסן איבער די אַקסלען און מיט אַ פינצטערן און הייליקן צאָרן אין האַרצן.

עך, עך,
לאָז דיר וווּיל⸗גיין, שטעך און ברעך!
טיר און טויערן פאַרמאַכט!
מען וועט רויבן היינט ביינאַכט!
פון די קעלערן אַרויס!
וווּיל און הויל האָט זיך צעבּרויזט!
אוי, דו, מזל ביטערער,
אומעט האַרציקער,
שוואַרצינקער!
און מיין כּוחל
בּרייט איך אָן, בּרייט איך אָן!
און מיין מוחל
קראַץ איך אָן, קראַץ איך אָן!
און מיין יאָדערל
איך צעקנאַק, איך צעקנאַק!
מיט מיין מעסערל
איך צעהאַק, איך צעהאַק!
פלי בורזשוי אין איינעם ציטערניש!
כ'וועל מיך נוקם זיין
פאַר דער ליבסטער מיין,
פאַר איר טויט און פאַר מיין ביטערניש!
און זיי פאַר מיר אַ גוטער בעטער...
דער אומעט שטייגט...

(איבערזעצונג פון א. קאַציזנע).

די „בּרייטע רוסישע נאַטור", ווי דאָסטאָיעווסקי כאַראַקטעריזירט זי אין די „בּרידער קאַראַמאַזאָוו" — „בּרייטע נאַטורן זענען מיר, בּרייטע, בּרייטע ווי אונדזער מוטער⸗רוסלאַנד; אַלע אָפּגרונטן פאָרן מיר צוזאַמען", יענע נאַטור, וואָס איז מסוגל זיך „אויפצוהייבן מיט אַמאָל, פאַרלאָזן אַלץ מיט אַנאַנד און אַוועק קיין ירושלים, אַ תּיקון צו געפינען, אָדער גאָר אונטערצוצינדן דאָס אייגענע דאָרף, און וואָס עס קאָן אויך טרעפן — בּיידע זאַכן צוזאַמען אָפּטאָן". אין די אייגענע „בּרייטע נאַטור" אַנטפּלעקט זיך אויך אין בלאָקס „צוועלף". ווילדער צאָרן, צעהוליעטער יאוש און מסירת⸗נפש פאַר ווּעלט „פונאַנדערצופירן אַ פייער איבער דער גאָרער וועלט".

דאָס אימהדיקע, פּראַוואָסלאַווישע, הייליקע רוסלאַנד איז „אָן אַ צלם" געבליבן. די „צוועלף", די „אַנדרי־וכעס" און „פּעטרוכעס" זענען שיכּור פון קאַמף און יאוש, פול מיט הפקרות און שיסן אין דער פינצטערער נאַכט אַריין: „אָן אַ צלם; טראַ—טאַ—טאַך!..." „מיר ווילן אַריינשיסן אַ קויל אין דער הייליקער רוס, אין דער געפּענטעטער, קליינהייזלדיקער און גראָבהינטנדיקער רוס". אָבער אין דער דאָזיקער צעלאָזנקייט, אין דער גאָטלאָזיקייט לעבט גאָט.

דאָס האַרצרייסנדיקע עלנט פון אָרעמע און פאַרשטויסענע; דאָס בלוט פון די קאַטקעס, וואָס ווערט פאַרגאָסן אויף שניי אין פינצטערע נעכט; דער אומעט און די פאַרצווייפלונג און די צעהוליעטע קאַמפּס⸗שיכּרות פון די אַנדריוכעס און פּעטרוכעס; די פינצטערע פרעמדקייט און איינזאַמקייט פון דער אינטעלינענץ און די טומנע מיסטישקייט פון דער רוסישער ליטעראַטור — דער גאַנצער שוואַרצער און פלאַקערדיקער פאַקל⸗צוג פון אונטערערדישע און הימלישע כּוחות, פון מערדער און אַפּאָסטאָלן – דאָס דאָס איז די פּאָעמע „צוועלף".

דאָס מיסטיש⸗רעליגיעזע רוסלאַנד פון גאָגאָל⸗סאָלאָ⸗

וויאָוו=בלאָק האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט דער רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע האָט פון דער „שיינער דאַמע” מיט איר איידלער געשטאַלט, אין זיידנס געהילט, געמאַכט אַ פּראָסטע, מגושמדיקע „גראָבהינטנדיקע רוס” און דאָס מיסטיש=רעליגיעזע פון „די גרויסע רוסישע דיכטער” האָט קריסטוסן צום זיגער פון דער רעוואָלוציע געמאַכט.

דאָס איז בלאָקס ניצחון איבער דער רעוואָלוציע. בלאָק זעט אין דער וואָליונגישקייט אַ פּראָטעסט קעגן „גלח מיטן גאָלדענעם צלם אויפן בויך”, אָבער נישט קעגן דער אמונה, קעגן צלם, אָבער נישט קעגן קריסטוסן. ביי די „צוועלף” רויטע חברה=לייט כאַפּט זיך אַמאָל אַרויס: „גאָט, שיק רו איר נשמה” אָדער „גאָט בענטש אונדז!”, ווייל טיף אין האַרצן פילן זיי, אַז ערגעץ=ווו אין דער סומנער, פינצטערער נאַכט, אין אַנגסטלעכן שטורעם=ווינט, אין דער בלינדער קנאַלעריי פון ביקסן און אין זייער תמימותדיקער און יאושדיקער גרייטקייט „דעם קאָפּ אַוועקצולייגן”— איז גאָט פאַראַן. ס'איז צעבראָכן דער ק ר י י ץ, אָבער נישט דער ג ע ק ר י י צ י ק ט ע ר. די אימהדיקע, בלוטיקע פּראָצעסיע מיט אַ רויטער פאָן אינם נאַכטיקן ווינט פירט „יעזוס קריסטוס אין אַ ווייסן רויזן=קראַנץ”.

צי האָט אָבער בלאָק ניט נאָר א י ד ע י ִ ש, נאָר אויך קינסטלעריש גובר געווען דעם גרויסן קאָנפליקט צווישן דאָס „מענדעליעווישע” און דאָס „טאָלטאָיִשע”, צווישן קולטור און סטיכיע, צווישן דאָס אינטעליגענטישע, רוסיש=מיסטישע און דער רעוואָלוציע? צי האָט ער ווירקלעך אין זיין באַנייטן רוסלאַנד ביידע פרעמדע יסודות באַהעפט צו האַרמאָנישער גאַנצקייט? צי האָט ער אויך אינערלעך, מוזיקאַליש, פאַראייניקט אָט די צוויי דיסאָנאַנסן?

עס איז נויטיק נאָר אַ ביסל זיך צוצוהערן צו דער „פינצטערער מוזיק” פון „צוועלף”, כדי זיך צו איבערצייגן, אַז דאָס דאָזיקע וווּנדער איז ניט געשען, אַז די „נייע האַרמאָניע” האָט בלאָק געוואָלט, פאַרקלערט, אָבער נישט באַשאַפן. נישט די פריידיקע משיח=בשורה און געוויס נישט דער ערדישער ניצחון פון די „צוועלף” איז דער גרונט=טאָן און דאָס געמיט פון דער גאַנצער פּאָעמע. מוזיקאַליש און ליריש באַהערשט די „צוועלף” דער גרויסער, א ו מ ע נ ד ל ע כ ע ר, ר ו ס י ש ע ר ט ר ו י ע ר. דער טרויער פון עלנטע וועלטן, פון אויף אייביק פאַריתומטע מענטשן, פון ווינטן, וואָס וואָיען אין פינצטערע נעכט אויף ברייטע שנייִקע רוסישע פעלדער און פון די איינזאַמע „גרויסע רוסישע דיכטער”, וואָס בלאָנדזשען דורות=לאַנג אין דער רוסישער נאַכט און רופן צו הילף.

„שוואַרצער אָוונט
ווייס פאַרשנייט,
ס'וויִעט און וויִעט;
קוים דער גייער פאַלט נישט אום,
און דער ווינט, ער איז פאַרלאָפן
אַלע שטעגן אום=אַרום”...
(ייִד. א. ק.).

אָט דער ווייטער, אַנגסטלעכער, סומנער הילך פון ווינט און שטורעם, וואָס „שמייסט אין די אויגן ווילד און בייז, טעג און נעכט נאָכאַנאַנד”, קלינגט אומויפהערלעך איבער דער גאַנצער פּאָעמע. אַפילו דער נקמה=דורשטיקער פערז ענדיקט זיך אומדערוואַרט מיטן אויסגעשריי „אומעטיק!”... אָט „דער מזל ביטערער, אומעט אומעטיקער, טויט אומעטיקער”, דער אַלטער באַקאַנטער רוסישער אומעט, וואָס וויינט אין די הודזשענדיקע רוסישע ווינטן, אין דער „וויוגאַ”, אין דער גאַנצער רוסישער ליטעראַטור, שרייט אַריבער די קאַמף=געשרייען און ביקסן=קנאַלעריי פון די „צוועלף” און פאַרדעקט מיט זיין שוואַרצן פליגל אויך „קריסטוסן מיטן ווייסן רויזן=קראַנץ אויפן קאָפּ”. און ס'פילט זיך, אַז בלאָק האָט צו פרי דעם צוג אָפּגעשלאָסן. ווייל הינטער דעם „דערלייזער מיטן ווייסן רויזן=קראַנץ” שלייכט זיך שטיל די אַלטע „אומעטיק=אומעטיקע רוס” מיטן פינצטערן וואַל אויף די אויגן, די רוס פון גאָגאָלן און בלאָקן, וואָס „רופט, קלאָגט און פאַרכאַפּט ביים האַרצן”. פון ערגעץ ווו, אין די פאַרבאָרגענע פינצטערע ווינקלען פון „צוועלף”, אין די וואָיענדיקע ווינטן ראַנגלט זיך בלאָק און שרעק מיט דער אַלטער גאָגאָל=פראַגע;

„ר ו ס, ו ו אָ ס ו ו י ל ס ט ו פ ו ן מ י ר?”...

## VI

אין „סקיפן”—דאָס צווייטע רעוואָלוציע=ליד פון בלאָקן—איז שוין גאָר אינגאַנצן אָפן און בולט זיין נטיה צו אויסשיילן פון דער רעוואָלוציע איר „מענדעליעווישן עלעמענט”, איר קלאַסן=אינהאַלט און אַריינפירן אַ נאַציאָנאַלן, אַ „סאָלאָוויאָווישן עלעמענט”. אין „סקיפן” רוקט בלאָק אַרויס רוסלאַנדס היסטאָרישע מיסיע צו שיצן אייראָפּע פון מאָנגאָלן—אַן אַלטער סאָלאָוויאָווישער מאָטיוו. אין „סקיפן” מישן זיך רעוואָלוציע=מאָטיוון מיט זעונגען און נבואות פון „די גרויסע רוסישע דיכטער”. אָבער די הויפּטטענדענץ איז אַ נאַציאָנאַלע, אַ סאָלאָוויאָווישע. ווי מעכטיק עס זאָל אין די „סקיפן” נישט קלינגען די „באַרבאַרישע לירע”, וועט בלאָק—מעג ער זיין אַזוי שטאַרק, קלאַסיש און פול מיט וועלט=רעזאָנאַנס—אַלץ נישט אַריבערשרייען דעם אינערלעכן קאָנפליקט און נישט פאַרבאָרגן פאַר אונדז די אינעווייניקסטע סתירה

צווישן דער דאָזיקער „באַרבאַרישער לירע“ און דער „ליכטיקער ברידער=סעודה“, דער „סעודה פון אַרבעט און פרידן, וואָס עס גרייט די רוסישע רעוואָלוציע פאַר דער גאַנצער וועלט“.

די לעצטע צוויי יאָר פון דער רעוואָלוציע האָט דער דיכטער בלאָק געשוויגן. זיין רוסלאַנד=פלאַג, וואָס ער האָט געהאַט אין סאַמע מיטן פון דער רעוואָלוציע אַוועקגעשטעלט, האָט שוין געהאַט לאַנג דער ווינט פאַרטראָגן.

בלאָקן איז באַשערט געווען צו זיין דער לעצטער קרייץ=טרעגער. ער איז געוואָרן די וווּנדערלעכע טרויעריקע שקיעה פון די „גייסטיקע אַדעליקע“ פון רוסלאַנד, דער פינאַל פון אַ דורותדיקן גייסטיקן קאַמף. בלאָק איז דער לעצטער גייסט=ריטער פון „אַלט=רוסלאַנד“, טריומפירנדיק=טרויעריק געפאַלן אויף דעם לעצטן פאָסטן...

## VII

מיט מיר צוזאַמען אין מיין גאַנצן לעבן איז איין „באַרוף“—דער באַרוף צו דינען צו דאָס אומדערגרייכבאַרע“ און אָט דעם באַרוף זיינעם איז בלאָק טריי געבליבן ביז דער לעצטער מינוט. ער איז געווען אַ „שוואַרצער קנעכט פון אַ פאַרשאָלטן בלוט“, וואָס האָט אים געטריבן אין דער האַלב=פינצטערניש און אין אים אַ פחד פאַר דאָס קומענדיקע געוועקט. די שלעכטע בשורה, וואָס ער האָט שטענדיק אין זיין האַרצן פאַרבאָרגן, האָט אָנגעפילט מיט בלינדן אומעט זיינע בעסטע ווערק. ער איז דערפאַר שטענדיק אומרויִק=ערוואַרטנדיק געווען, מיט דער אומהיימלעכער, טונקעלער ערוואַרטונג פון מעטערלינקס „דאָרט אינעווייניק“ און אומויפהערלעך האָט ער זיך אָנגעשטרענגט צוגעהערט.

ער הערט פיל מער, ווי ער זעט. דער „בלינדער נביא“ האָט אים עמעצער טרעפלעך אָנגערופן. אַ „עמעצער“, אין שוואַרצן געקליידט, מיט נאַכט פאַרקלעפט, איז זיין געשטאַלט געווען. ער איז אַ נאַכט=דיכטער. דעם טאָג האָט ער קיינמאָל ניט באַזונגען. אַפילו זיין פאַרטאָג איז נאַכטיק: „לאַנגזאַם ווייס גייט צו דער פאַרטאָג; צוזאַמען מיט אַ מענטשן קריכט ער אויפן לייטער.... אַך, ווי אָרעם די שטאָט פאַרטאָג איז, דער שוואַרצער מענטש ווייַנט אין דרויסן“. מיט די אויגן פון אַ פאָנאַרן=לעשער האָט ער דעם פאַרטאָג געזען. אויך דאָס רוב פון זיינע קליינע לידער זענען דורכגעדרונגען מיט שטילן אומעט פון אַ „פאַרנאַכטיקער תּפילה אין אַ ווייסן קלויסטער ביים טייך“.

אַפילו אין זיינע בעסטע מינוטן, ווען ער ווערט מילד, גליייביק און „שטיל ווי אַ ליכט“, ווען ער דערהערט „אין קלויסטער מיטן כאָר אַ מיידל זינגען“ פון „די, וואָס וואָגלען אין דער פרעמד“, און פון שיפן אויף „ווייטע ימען“.

„און אַלעמען האָט זיך געדאַכט, אַז די פרייד וועט קומען,
אַז די שיפן קערן זיך רויִק אום צוריק
און אַלע פאַרוואָגלטע אין דער פרעמד
זענען אויפגעריכט מיט זייער נייעם גליק“

אויף דאַן פאַרנעמט זיין אויער, „ווי דאָרט אויוון אין די טויערן פון הימל האָט געוויינט אַ קינד אויף דעם, וואָס קיינער וועט שוין צוריק נישט קומען“.

בלאָק איז איינער פון די—ווי ער אַליין האָט כאַראַקטעריזירט—„וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין אַ טויבער נאַכט און האָבן דערזען דעם שיין פון איין שטערן און אויסגעשטרעקט די הענט צו אים, נאָר צו אים אַליין. און דאָס גאַנצע לעבן איז פאַר אַזאַ מענטשן אַ פינצטערע מוזיק, וואָס קלינגט נאָר וועגן דעם איינעם שטערן“...

פון דער פינצטערער נאַכט פון זיין געבוירן ביז דער נאָך פינצטערער נאַכט פון זיין טויט האָט בלאָק די „פינצטערע מוזיק“ פון זיין שטערן געזונגען און זיין שיין געזוכט. געזוכט און—נישט געפונען.

# אשר שוואַרצמאַן / מיין ברודערס ליפּן...

מיין ברודערס ליפּן בלוילעך געל
און ציטערן... דעם לעצטן ציטער.
ווער עמעץ קושן זיי אַחוץ זיין מוטער?

מיין ברודערס האַנט פאַרגליווערט ווערט
און וויל די ערד אומאַרמען,
ווער אפשר עמעצער זי אויף זיין ברוסט דערוואַרמען?

מיין ברודערס פּוס איז אָפּגעדעקט,
פאַרבלוטיקט און אין קויט,
און שטיל קוקט איר זיך איבער: טויט?...

אַ, ניין!
פון אַלץ, וואָס אייך באַטריבט,
ז'מיין ברודער ריין!
אַ זון־באַשיינטער ריז האָט ער זיך אויפגעשטעלט
מיט אויסגעשפּרייטער האַנט אויף גאַרער וועלט...
אַ גרויס בלוי שווייגן איז אַצינד זיין היכל
און ס'איז זיין זונענבליק פאַר אַלעם מוחל, מוחל...

# אליעזר ליסיצקי / דאס גובר זיין די קונסט

„די גאַנצע קונסט איז שטערבלעך, נישט נאָר איינצעלע ווערק, נאָר די קונסט אין איר גאַנצן. ס׳וועט קומען אַ טאָג, ווען ס׳וועט אָפּשטאַרבן רעמבראַנדטס פּאָרטרעט, — די אָנגעמאָלטע לייוונט וועט זיין גאַנץ, נאָר ס׳וועט נעלם ווערן דאָס אויג, וואָס נעמט אויף אָט די שפּראַך פון פאָרמען“.

Oswald Spengler: „Der Untergang des Abendlandes“.

„מיר לאָזן איבער נאָך זיך רעגנבויגנס פון שפּורן אין באַוווּסטזיין פון נייע מבולס“.

## I

פאַרשימלטע מוחות מיט בלינדע אויגן שטייען אינמיטן פון שטורם, וואָס ווירבלט אַרום דער מאָדערנער קונסט, און שרייען: „ס׳גייט אונטער די וועלט פון שיינהייט! די וועלט פון שיינהייט גייט אונטער!“ זיי ווייזט זיך אויס ווילד און לעכערלעך אָט דאָס, וואָס זיי זעען אין דער מאָדערנער קונסט. פאַרוואָס=זשע משפּטן זיי נישט אויך אַזוי ווייל וועגן דעם, וואָס קומט פאָר אין דער מאָדערנער וויסנשאַפט, אין דער מאָדערנער טעכניק, — דאָ זענען דאָך די רעוואָלוציעס נאָך שטאַרקער, נאָך גרינדלעכער! מ׳וויל אין איין רגע ארומנעמען און פאַרשטיין די רעזולטאַטן פון טויזנטיאָריקן וווקס, און אויב דער קינסטלער פאָדערט אַן אָנשטרענגונג אויף צוויי צי אויף דריי רגעס, הויבט זיך אויף דאַן אַ ווילדער געשריי און העצע, און אין איין קופּע פליִען צוזאַמען געפּגרטע הינט און לעבעדיקע לייבן.

מיר זאָגן צו די אַלע, וואָס ווילן אויפנעמען די נייע קונסט, אַז דערצו איז ווייניק צו גלאָצן אויף איר מיט די אויגן; מ׳דאַרף דעם גאַנצן קאָפּ אויסקערעווען אין אַן אנדערער ריכטונג. סעזאַן האָט אַרויסגעפירט דעם קינסטלער פונם לעבנס=קינאָ, וווּ ער איז געזעסן ביי א שפּארונעלע, נאָכגעשפּירט לבנה=ליבע, רויזן, געזייערט עס אויף די הייוון פון אייגענעם טעמפּעראַמענט און געבאַקן בילדלעך. דערנאָך פלעגט מען זיי אויסשטעלן, שפּעטער פאַרקויפן און זיי פלעגן ווערן איקאָנעס פון סענטימענטאַלע שטימונגען ביי סימפּאַטישע קאַוואַלערן, מילדע פריילינס, יוסטע טאַטעס און אדעליקע מאַמעס. סעזאַן האָט אַנטפּלעקט דעם מהות פונם מאָלער, דעם מענטשן, דורך וועמען עס רינט אַ שטראָם פון פאַרבן, דעם מענטשן, וועלכער פירט אַריין אָט דעם שטורמדיקן טייך אין די ברעגן און גיט אים צו די פאָרם. סעזאַן איז צוגעגאַנגען צו דער לייוונט, ווי צו אַ פעלד, וואָס מ׳רייסט עס אויף, מע באַמיסטיקט עס, מ׳פּאַרזייט און מ׳דערציט זיין מאָלערישע פּרוכט. אמת, סעזאַן האָט נאָך געגלויבט אין דער קונסט, וואָס הילט זיך אונטער די דעכער פון מוזעען, נאָר מיט זיין שאַפונג האָט ער אונדז אַליין באַפרייט פון איר. און אָט האָבן מיר אים דערזען שטיין ביי אַ וואַרשטאַט מיט אַ שטראָם פון ברענענדיקער פאַרב אין זיך, מיט אַ האַרץ, וואָס האָט אים צום טאַקט געקלאַפּט, מיט אַ האַנט, וואָס איז גרייט צו באַוועגן מיטן פּענדזל; — נאָר אין דער רגע, ווען די פּרוכט האָט געדאַרפט פון דער שעפערישער טראַכט אַרויספאַלן, פלעג אים באַגיסן דאָס טויטע וואַסער פון שכל, און דאָס טויטגעבוירענע פלעג פאַרמאַרינירט ווערן אינם בילדל. אָט פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען דאָס גרינע געזיכט, די רויטע ביימער און שוואַרצע וואָלקנס. דער מאָלער, וואָס האָט געדאַרפט געבן זיין פאַרב, פלעג נעמען די זאַכן אַלס קאַנווע, ווי מאַנעקענען, און פלעג אָנהענגען אויף זיי דאָס, וואָס האָט זיך געריסן פון אים. אויך סעזאַן האָט נאָך נעמאָלט נאַטור=מאָרטן, לאַנדשאַפטן און מענטשן, נאָר פאַר אים זענען זיי שוין געווען נאָר קאַנוועס. די פאַרבן, וואָס לויפן דורך איבער זיינע הימלען, וואַסערן, לאָנקעס און געזיכטער, זענען זיינע.

## II

דער קוביזם האָט אָנגעהויבן ברעכן די יסודות, אָנגעהויבן ברעכן די זאַך. די פלאַש איז געמאַכט געוואָרן צוליב דעם, מ׳זאָל פון איר טרינקען. אויב עס מאָלט זי דער מאָלער, קאָן מען דאַן פון דער אויסגעמאָלטער פלאַש נישט טרינקען. הייסט עס אַז דער מאָלער דאַרף האָבן עפּעס אַנדערש פון פלאַש. וואָס=זשע? איר פאַרב, די איכות פון איר מאַטעריאַל (פאַקטור), איר פאָרם, נאָר אָט דאָס אַלץ קאָן מען פיל שאַרפער מאָלעריש אויסדריקן, ווען מ׳לעגט צונויף אויף דער לייוונט אָט די אַלע עלעמענטן פון דער פלאַש נישט אין דעם סדר, וואָס איז נויטיק צום טרינקען, נאָר אין יענעם, וואָס איז נויטיק פאַרן בילד, פאַר זיין לעבן, פאַר דער מאָלעריי. מ׳האָט צעבראָכן א וועלט. צונויפגענומען אירע עלעמענטן

און אָנגעהויבן צונויפֿלייגן אַ נייעם מאָלערישן בנין פֿון גלייכע, קרומע, פֿלאַכן, אומפֿאַנגען, פֿאַרב און פֿאַקטורעס. די מאָלעריי האָט דערגרייכט איר צעבליִונג. די לייוונט איז געוואָרן אַ סימפֿאָניע פֿון אַלע קאָנטראַסטן און אַ האַרמאָניע פֿון אינסטרומענטן, הילצערנע, מעשענע, סטרונעדיקע, פֿון פּויקן, גלעקלעך און ליטאַווערס. דער מאָלער האָט דערזען, אַז אים האָט שרעקלעך באַגרעניצט דער פֿאַרבן־פֿאַבריקאַנט מיט דער פֿאַרקנעכטונג פֿון זיינע קוביקעס, אַז יעדער מאַטעריאַל האָט זיינע מאָלערישע איכות און זיי דאַרף מען אומדמיטלבאַר אַריינפֿירן אין לייוונט. אַזוי האָבן זיך באַוויזן עטיקעטעס, שטיקלעך פֿון צייטונגען, ביסלעך זאַמד, קרייד א. ד. ג. אויפֿן לייוונט. דאָס בילד אַלס אַזעלכעס האָט מען אָנגעהויבן פֿאַרניכטן.

III

די מאָלעריי שאַפֿט זיך פֿאַר איר וועלט אַ שטח. אויפֿן וועג אין אומענדלעכקייט פֿון דער גאָטיק האָט זי באַשאַפֿן איר גאָלדענעם פֿאָן: רענעסאַנס, פּערספּעקטיוו, אימפּרעסיאָניזם, ציטערדיקער פֿאַרבן־פֿלעק.

דער קוביזם האָט אָנגעהויבן זיך אומקערן פֿון דער טיף צו דער פֿלאַך פֿון דער לייוונט און שאַפֿן זיין קאָמפּאָזיציע אויף פֿאָרויס קעגן אונדזער אויג. טאַטלין אין רוסלאַנד האָט פֿאַרענדיקט אָט דעם וועג. ער האָט אָנגעהויבן שאַפֿן פֿון מאַטעריאַל (האָלץ, בלעך, קאַרטאָן) אַ קינסטלערישע קאָמפּאָזיציע אויף פֿאָרויס פֿון דער לייוונטפֿלאַך אָדער ברעט. נאָר דאָס איז געווען אַן אָרטיק־מאָלערישער צוגאַנג פֿאַרן אויג, אונטערגעשטראָכן נאָר מיטן חוש המשוש. די אומדמיטלבאַרע אַרבעט פֿונעם מאָלער איבערן מאַטעריאַל האָט אים באַפֿרוכפּערט מיט נייע צילן, ער האָט אָנגעהויבן זיך קריטיש באַציִען צו זיין אָרט אין דעם שעפֿערישן קאָלעקטיוו און האָט דערזען, אַז דער אינזשענער, למשל, גייט פֿאַר אים; ער אַנטדעקט, ער באַשאַפֿט נייעס אין דער נאַטור, און דער קינסטלער — נאָר דאָס, וואָס עקזיסטירט שוין. די קינסטלער, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן איבער מאַטעריאַלן און צונויפֿלייגן בנינים פֿון קוביסטישער קאָנסטרוקציע, האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר שעפֿער, ערפֿינדער, מאַטעריאַליסטן, ד. ה. פֿאַר מאָדערנע. נאָר אַליין האָבן זיי נישט באַמערקט, ווי זיי זענען געבליבן אַלטע ראָמאַנטיקער, ווייל זייער צוגאַנג צום מאַטעריאַל איז געווען דער זעלבער, ווי צו דער פֿאַרב, פֿון זיין שיינהייטס־זייט, פֿון דער עסטעטישער זייט. און אָט, אין מערב־אייראָפּע, ווו מ׳האָט נאָר געהערט וועגן אונדז, ווו מ׳האָט נאָך גאָרניט געזען, וואָס ס׳איז געשאַפֿן געוואָרן פֿאַר די לעצטע זיבן יאָר, האָט מען אָט די ריינע מאָלערישע באַוועגונג אָנגערופֿן מיטן נאָמען „מאָמענטנע קונסט”, דערביי ווייסן מיר נישט, ווי אַזוי דאָס צו פֿאַרשטיין: די קונסט, וואָס קאָנקורירט מיט מאַשינעס, צי וואָס שילדערט מאַשינעס, אָדער וואָס בויט מאַשינעס? ווי ס׳זאָל אָבער נישט זיין, איז דאָס אויפֿן וועג פֿון גובר זיין די קונסט איינער פֿון די באַדייטנסטע עטאַפּן.

IV

אין יאָר 1913 האָט קאַזימיר מאַלעוויטש אויסגעשטעלט אין פּעטערבורג אַ שוואַרצן קוואַדראַט. אויף ווייסער לייוונט אויסגעמאָלט אַ שוואַרצן קוואַדראַט. דאָס איז געוואָרן דער פֿונדאַמענט פֿון סופּרעמאַטיזם. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ וועלט־באַנעמונג, פֿאַר אַ וועלט־באַציִונג, וואָס האָט געפֿונען זיין אויסדרוק אין סופּרעמאַטיזם? דער טרעגער פֿון פֿאַרביקע ווירבל־ווינטן, דער קינסטלער — דער מאָלער, האָט אָפּגעריייניקט פֿון זיין באַפֿליגלטן וועג אַלע יסודות פֿון זאַכן, אויף וועלכע ער האָט פֿריִער צעהאָנגען זיינע פֿאַרבן. ער האָט געגעבן דער פֿאַרב אומאָפּהענגיקייט, ער האָט געמאַכט דאָס בילד אָנזאַכלעך. ער איז אַרויס צו דער ריינער שאַפֿונג. די סופּרעמאַטיסטן האָבן געזאָגט: אַזוי ווי פֿון דער ערד וואַקסט אַרויס דאָס בלימל, וואָס איז קלאָר באַפֿאַרבט, שאַרף אויסגעשפּראָכן, קרימט גאָרנישט ניט נאָך און שילדערט גאָרנישט ניט אויסער זיך אַליין, אַזוי דאַרף אויך פֿונעם קינסטלער אַרויסשפּראָצן דאָס בילד. דאָס בילד דאַרף זיין נישט קיין רעפּראָדוקציע, נאָר אַ ווערק. די מאָדערנקייט פֿון סופּרעמאַטיזם, אין אונטערשייד פֿון אַנדערע אַרטן פֿון אָנזאַכלעכער קונסט (קאַנדינסקיס, Abstrakte Malerei אין דייטשלאַנד, סימולטאַניזם אין פֿראַנקרייך), האָט זיך אַרויסגעוויזן אין זיין אָרגאַניזירטקייט און אינעם נייעם מאָלערישן אויסדרוק פֿון שטח, וואָס ער האָט געגעבן. דעם וועג צו אומענדלעכקייט, וואָס איז געגאַנגען דורך דער פּערספּעקטיוו, האָט דער סופּרעמאַטיזם דערפֿירט ביזן סוף, ער האָט דורכגעהאַקט דעם בלויען הימלבויגן און איז אַוועק אין דער ווייסער אָנגרעניצדיקייט. די סופּרעמאַטיסטישע פֿאַרביקע מאַסן שווימען, ווי פּלאַנעטן אין ווייסן רוים. נאָר דערמיט האָט ער דערפֿירט די אילוזאָרישקייט פֿונעם בילד ביזן מאַקסימום. ער האָט אַוועקגעשטעלט אויפֿן אָרט פֿון דער שיינהייט אַן אַנדערע מאָס — די עקאָנאָמיע.

V

מאַלעוויטש האָט געהאַלטן, אז מיטן קוואדראט האָט ער פאַרענדיקט דעם וועג פון מאָלעריי, געבראַכט זי צום נול. נאָר, ווען מיר האָבן אויסגעפאָרשט אונדזערע ווייטערדיקע אַרבעטן, האָבן מיר געזאָגט: יאָ, דער וועג פון דער מאָלערישער קולטור איז, שמעלער ווערנדיק, געקומען צום קוואדראט, אָבער פון דער אנדערער זייט הויבט אָן שפּראָצן אַ נייע קולטור. יאָ, מיר באַגריסן דעם בראַוון, וואָס האָט זיך אין תהום געוואָרפן, כדי צו אויפשטיין תחית המתים אין נייער פאָרם. יאָ, אויב די מאָלערישע שורה פלעגט גיין באַרג אַראָפּ, ווי ...6, 5, 4, 3, 2, 1, ביז 0, דאַן הויבט זיך אָן אויף דער אנדערער זייט פונם 0 א נייע שורה 0, 1, 2, 3, 4,... און מיר האָבן דערזען, אז דאָס נייע מאָלערישע ווערק, וואָס וואקסט ארויס פון אונדז, איז שוין נישט קיין בילד. עס שילדערט נישט גאָרנישט, נאָר עס קאָנסטרויִרט אומפאנגען, פלאכן, ליניעס צוליב דעם, כדי צו שאפן א סיסטעם פון נייער חיבור פון דער רעאלער וועלט. אָט דעם נייעם בנין האָבן מיר געגעבן א נייעם נאָמען — פּראָופּ.

מיטן נאָמען פּראָופּ האָבן מיר אָנגערופן די סטאנציע אויפן וועג פון שאפן די נייע פאָרם, וואָס וואקסט ארויס פון דער ערד, וועלכע איז באמיסטיקט מיט די טויטע קערפּערס פונם בילד און זיין קינסטלער. דאָס בילד איז צעפאלן געוואָרן אינאיינעם מיט דער אלטער וועלט, וואָס האָט עס פאר זיך געשאפן. דער נייער וועלט וועלן נישט נויטיק זיין קיין בילדלעך. אויב זי דארף א שפּיגל, האָט זי די פאָטאָגראפיע און קינאָ. אין דער נייער וועלט וועט דער שעפער „דער קינסטלער" שאפן די וועלט גופא, און ניט שילדערן זי. פּראָופּ — דאָס איז דער וועג, וואָס איבער אים וועלן מיר דורכגיין צום נייעם חיבור. אויב איצט קומען די וויסנשאפט, דער אינזשענער צו שאפן זייערע רעאַליטעטן דורך מאטעמאטישע טאבעלעס, דורכן צייכענען פון פּראָיעקטן, רעכענען מיר דאָס נישט פארן איינציקן און קאטעגאָרישן וועג. מיר גלייבן מער דער שעפערישער אינטויִציע, וואָס שאפט זיך איר מעטאָד און איר סיסטעם אויסער מאטעמאטיק און אויסער צייכענונגען, אָבער על פי געזעצן, וואָס זענען אויך אזוי אָרגאניש, ווי דער וווקס פונם בלימל. דער פּראָופּ קאָמפּאָנירט נישט, נאָר קאָנסטרויִרט. דאָס איז א גרינדלעכער קאָנטראסט צום בילד. קאָמפּאָזיציע איז אַ דיסקוסיע אין געגעבענעם פלאך מיט א סך וואריאציעס; קאָנסטרוקציע איז א באשטעטיקונג פון איינעם פאר דער געגעבענער נויטווענדיקייט. דער פּראָוּט האָט נישט קיין איין אקס, וואָס איז פּערפּענדיקולאריש צום האָריזאָנט, ווי אינעם בילד. ער איז קאָנסטרויִרט און געבראכט צו אַ גלייכגעוויכט אין שטח, און אַלס געביי דאַרף מען אים אַרומגיין פון אַלע זייטן, אַ קוק טאָן פון אונטן און אויספאָרשן פון אויוון. די לייוונט איז געקומען אין באַוועגונג. דער פּראָופּ איז געשאַפן פון מאטעריאל, און נישט פון קיין עסטעטיק. אין דער רייכסטער גאָלדגרוב פון דער פאַרב האָבן מיר גענומען דעם סאַמע ריינסטן אָדער פון סוביעקטיווע איכות. דאָס געלע, גרינע, בלויע — דאָס זענען בלאָנדינען, ברונעטן, שאַטענען אינם ספּעקטר. מיר דאַרפן נישט קיין אינדיווידועלס, נאָר אַלגעמיינס. מיר האָבן גענומען די פאַרב פון שוואַרצער ביז ווייסער. און דער קאָנטראַסט צי דער הסכם פון צוויי שווארצע, אָדער צוויי ווייסע, צי פון צוויי צווישן־שווארץ־ווייסע, דינען פאר אונדז אלס קאָנטראסט אָדער הסכם פון צוויי מאַטעריאַלן, ווי גראַניט און האָלץ, אָדער אייזן און בעטאָן. אָט אַזוי איז ביי אונדז די פאַרב געוואָרן דער באַראָמעטער פונם מאַטעריאַל.

VI

פּונקט אַזוי, ווי מ'איז גובר געווען די רעליגיע, פּונקט אויך אַזוי קעמפן מיר מיט אונדזערע נייע דערגרייכונגען פאַר גובר זיין די קונסט.

ווייט אונטער אונדז איז די צייט פונם יעגער־מענטש, וואָס האָט זיך נאָך דער חיה געיאָגט און זי געפאַנגען — ער האָט זי געשילדערט. אויך אַזוי ווייט הינטער אונדז איז די צייט פונם ערד־מענטש, דעם פּאַסטוך, וואָס איז געזעסן ביי זיין אויוון און האָט אַבסטראַהירט די נאַטור — ער האָט זי באַשיינט. מיר לעבן אין אַ תקופה פון אייזן־בעטאָן, אַ דינאַמישער תקופה, מיר שילדערן נישט און באַשיינען נישט, מיר יאָגן זיך און שאַפן. מיר לאָזן איבער פון איין זייט דעם קינסטלער מיט זיין בילד, פון דער אַנדערער זייט דעם אינזשענער מיט זיין פּראָיעקט, און גייען אַרויס צו שאַפן אין רוים און אין צייט די עלעמענטן פון ערשטען, צווייטען און דריטען געמאָס, כדי צו וואַקסן מיט דער גאַנצער נאַטור לויטן געזעץ פון דער וועלט. און מיר זענען די טריט פון אונדזער באַוועגונג, וואָס איז אויך אַזוי אומאָפּענדערלעך און אויך אַזוי אומפאַרשטענדלעך, ווי דער וועג פונם לונאַטיקער, פאַר וועמען עס טרעטן אַלע אָפּ פאַרשעמט.

# פרץ מארקיש / די עסטעטיק פון קאמף אין דער מאדערנער דיכטונג

אינם ווילד=צעבושעוועטן ים פונם מעכטיקן רעוואָלוציאָנערן שקוואַל מוז יעדע באַזונדערע קינסטלערישע דערשיינונג צעטראָגן ווערן, ווי אַ קליין הילצערן שליופּקעלע, וואָס מ׳וואַרפט אַראָפּ די צעעפנטע כוואַלישע שלינגען.

יעדע קינסטלערישע דערשיינונג גיט איינמאָל אַ בליץ — ווי אַ ראַקעטע, מאַכט איר פילפאַרביקע ברכה איבער דער וועלט, דרייט זיך אויס איבער די הייכן און פאַלט אַראָפּ. און ווערט איינגעשלונגען.

אָבער פון איר פאַלן שלאָגן זיך אויס נייע ראַקעטן, וואָס הייבן זיך נאָך אַמאָל אויף און פאַלן ווידער, און מערן זיך, און אָנצאָליקן זיך, און נייען דורך די ערד און די הימלען מיט פייערדיקע שנורן, וואָס מ׳זעט נאָר אָן זייער ברענענדיק באַוועגלעכקייט.

אַזוי אַרום רעגענען מיר זיך איצט פילפאַרביק אַרויף און אַראָפּ, און יעדער פון אונדז איז ניט מער ווי אַ פאַלנדיקער טראָפּן פון אַ גרויסן שלאַקסהאָגל קוים מערקזאַם אין אָפּגעזונדערטקייט — און אומענדלעך אין איינייִנעמדיקן צונויפגאָס.

יעדעס איצטיק געדיכט, יעדעס הייניטיק געזאַנג איז אַ שמעטערלינג, וואָס פאַרברענט זיך אַרום פייער און לעבט זיך אויס זיין אומשטערבלעכקייט אין איין אויגנבליק.

מיר ציִען זיך, אַלע, צום גרויסן פייער מיט אונדזערע אָנגעצונדענע קעפּ, מיט אונדזערע פלאַקערדיקע הערצער, ווי מיט פאַקלדיקע קנויטן צו דעם גרויסן טאָג, וואָס ווערט ערגעץ געבוירן.

אמת, מיר האָבן נישט מער ווי דעם שכר=הליכה. מער קאָן ניט זיין. דערפאַר האָבן מיר אים שטענדיק, ווי לאַנג מיר באַוועגן זיך.

עס רייסן זיך זקנים און קינדער און הינקענדיקע, אַלע גלייך ווי פאַרליבטע ייִנגלינגען, אַלע מיט איין צונויפגעגאָסענעם אָטעם, אַלע מיט איין צונויפגעשמידט האַרץ. פון אַלע — איין גרויסער אָנגעצונדענער פאַקעל, און אַלע — איין ווילדער דונערדיקער „הוראַ" פון אַ באַגייסטערטער עליה און צו דעם סטיכישן כוואַליקן גערויש, אַז ס׳דערטראָגן זיך איינציקע אָפּגעריסענע געזאַנגען ווי קלייִנינקע דושעגובקעלעך, מוזן זיי צעמאָלן און צעטראָגן ווערן אינם שטורם=געזאַנג פון אָפּגרונטישער השתפכות הנפש.

* *
*

ס׳איז געווען אַ צייט, ווען ליטעראַרישע עפּאָכעס האָבן זיך אָפּגעשניטן אין אַ שפּאַן פון 40 ביז 50 יאָר. זיי זענען געווען אויסגעקלעפּט איינע נאָך דער אַנדערער ווי קאַלענדאַרישע בלעטלעך און נאָך אַלע 40—50 יאָר האָט זיך אָפּגעריסן אַ ניי בלעטל. האָט דער שטורם אַראָפּגעריסן דעם גאַנצן קאַלענדאַר, די וואַנט צעציגלט, און אויסגעמישט אַלע ליטעראַרישע שולן און ריכטונגען אין איין באַגייסטערטן אוניסאָן, אין איין גרויסן פּאָליפאָנישן געזאַנג.

איצט זענען די דיכטער באַפליגלטע לעגיאָנערן פון שטורם. זייער מאַרשאַל איז — דער אומרו.

ס׳איז נישט קיין צופעליקייט, וואָס די געשוווירענע „ליבע=מאָטיוון" האָבן זיך אינם בנין פון דער מאָדערנער ליריק פאַררוקט אין די ווינקעלעך.

די צייט האָט אַראָפּגעשליידערט „עראָסן" פון זיין קרוינשטול און אים אָנגעטאָן אַ שלאַכט=מאַנטל.

פון בעאַטריטשן און דזשוליעטן זענען פאַרבליבן פאַרוויאַנעטע ליבע=געפילן, ווי פאַרטריקנטע בלומען צווישן בלעטער פון ביכער.

אין די טרוים=שטילע, היימלעכע פאַמיליען=צימערלעך, וווּ ס׳שמעקט מיט ליבע און טריישאַפט ביזן טויט, האָט מען זיך אָנגעהויבן וואַרגן און שטיקן פון לאַנגווייליקייט. און מ׳איז אַרויס פון זיי.

ס׳איז ניטאָ קיין היים, וווּהין מען מוז קומען, חוצן טויט.

ס׳זענען דאָ קרעטשמעלעך, אינדזעלעך, צעוואָרפענע, צעשטעלטע, ווי צייכנס פון אָפּרו איבערן גאַנצן שטח פון מענטשעשער היימלאָזיקייט. און גרויס איז די מענטשעשע פרייד, ווען מען דערנענטערט זיך צו אַ קרעטשמעריש פייערל, און נאָך גרעסער איז דער טרויער, ווען מען פאַרלירט אין דער נאַכט דאָס ערגעצדיקע ווייטע פינטעלע פון פייערעשן צאַנקען.

נאָר אי די פרייד, אי דער טרויער זענען באַהייליקט מיט גייסט פון וואָגל.

און וווּ איז דאָ די גרענעץ צווישן אייביקייט און צייטווייליקייט?

דער מענטש איז אייביק און זיין טויזנט=מאָל שטורמדיקן אויגנבליק, און איז טויזנט מאָל שטאַרבלעך אין זיין אומענדלעכקייט.

אַזוי פון פייערל צו פייערל איבערן גאַנצן שטח פון מענטשעשער היימלאָזיקייט. און פאַרגאָסן אין

פאַרכלינעט אין די קוואַלן פון ליידנשאַפט און שטורם. און דער שכר — הליכה.

* *
*

דער גייסט, דער געבוירן־געוואָרענער און אַנטשטאַנענער אין פּיין און אין קאַמף פון דער איבערקערעניש אין אונדזער יאָרהונדערט שטעלט אַוועק אויף אַלע ביזיצטיקע קונסט־פאָרמען אַ בלוטיקן שטעמפּל פון אָפּגאַנג:

„געשיכטע״ — —

און הייבט זיך אויף אַליין — אַ נייער פּרימיטיוו — אַ אויפגעשטראַלטער איבער די צעאַקערטע הייכן פון דער גאַנצער מענטשעשער קולטור.

דער פּרימיטיוו, דער איינציקער און נאַטירלעכער יורש, זעגט אָפּ און שניידט אַרום די פוילע און געשטאָרבענע צווייגן פונם קולטור־גאָרטן, ווי יעדער גערטנער אין פרילינגס־צייט, כדי צו פאַרהיטן פון אָנגעמעניש די געזונטע אברים פון די ביימער.

ער גראָבט ארויס די געזונטע, נאָך ניט־צעפוילטע ביינער פון די אַלטע קולטור־פאָרמען נאָך זייער לאַנגן און שווערן ווינטער־שלאָף און מיט זיי אינײינעם צעטראָגט ער זיך און רייסט זיך אַריין ווי אַ נייער פּולס אין די זודיקע אָדערן פון דער וועלט.

* *
*

די קולטור פון אָנהויב 20־טן יאָר־הונדערט ביזן פּאַס פונם סאָציאַל־פּאָליטישן איבערקערעניש — האָט דערפּירט די קונסט צו אַ מדרגה פון ריינער פּראָדוקציע.

זי האָט דעם דיכטער אויסגערייפט אין דער פאָרם און אין דער טעכניק, אים אָנגעטאָן אויפן האַלדז אַ פּאָר שאָלעכלעך פון וואָג און מאָס, אים אויסגעזאָגט דעם סוד הצימצום און דורך די דאָזיקע אינסטרומענטן האָט זי גערופן זיין גייסט.

און דער דיכטער האָט פּראָדוצירט. נאָר זיין פרייער אינערלעכער איך, זיין נשמה, איז צום אויסדרוק נישט געקומען.

איינגעצויגענע אין די בלייערנע פּאַטריצן און פּאַפּירענע מאַטריצן פון דער אייראָפּייִשער קולטור, האָבן די דיכטער אויף אויסערלעכע וואָגשאָלן געמאָסטן און געציילט: טראָפּנווייז — פאָרם, טראָפּנווייז — ריטם, טראָפּנווייז — געפיל, טראָפּנווייז — ליידנשאַפט.

נאָר זיך, זיך אַליין — נישט!

דורך די שטיינערנע סקלעפּן, אין וועלכע די פּאָדערונגען פון קולטור האָבן אים פאַרמויערט, — האָט „זיינס״, זיין אינערלעכס נישט געקאָנט קומען צו קיין תיקון.

די נשמה ווייסט נישט און נעמט נישט אָן קיינע וואָגשאָלן, אָנגעטאָנענע אויף איר, פון וואָסערע ס׳זאָל ניט זיין געזעצן פון עסטעטיק.

די רעוואָלוציע האָט געפּרוווט צו געבן אַן ענטפער אויף דעם פּראָבלעם.

זי האָט קודם־כל אַרויסגעטרייסלט פון דיכטערס הענט די אינסטרומענטן פאַר קינסטלעריש שאַפן און האָט אַ פּאָדער געטאָן — דורך אַ פּראָצעס פון ריינינקונג אין פּיין און אין ליידן — שטיקער בלוט פון האַרץ אויף די ליפּן פון דיכטער. זי האָט צעבראָכן די וואָג־שאָלן, וואָס האָבן דעם דיכטער אויפן האַלדז געהאַנגען, פאַרברענט זיין קאָדעקס פון ריטם, צעוואַלגערט די סקלעפּן פון זיינע פאָרמען און אָפּגערייניקט אַ וועג פאַרן האַרץ, פאַר דער נשמה, פאַרן אינערלעכן „איך״!

און אויפן אָנהויב פון די נייע אומוועגן שטייט איצט די מאָדערנע דיכטונג.

* *
*

מ׳איז געזעסן אין די קליינע שטעטלעך און געקוקט, ווי די ציגן רייסן אידיליש דעם סכך פון די סיכּות און אַז דער זייגער האָט געהייסן, איז מען זיך געגאַנגען וואַשן, דאַווענען, ליגן. מיט דער זעלבער גענעצדיקער פאַרשלאָפנקייט האָט דעם שמשס קול גערופן צו עבודת הבורא, גלייך ווי אין באָד אַריין.

און די פוילע שלעפּענדיקע פּעפּערישקייט האָט זיך אַזוי האַרציק־אידיליש אָפּגעשפּיגלט אין די פאָרמען פון דער ליטעראַטור פאַר יענעם פּעריאָד.

האָט דער בלוטיקער באַפעל פון באַפרייונג — די רעוואָלוציע — אויסגעזעצט די פענצטער מיט שטיינער, מיט האַרמאַטן, אונטערגעצינדן די הייזער, אַרויסגעטריבן פון די נעסטן און אַ דונער געטאָן:

„לויפט!

און פרעגט ניט ווהון!

אין די טייגעס, אויף די ימים, קיין ניו־יאָרק!

ברוקירט זיך אויס אין די שטעט ווי שטיינער!

אויף אייך דאַרף אַריינגיין אַ דור פון אומרו, פון בונט און פון מרידה״.

אונדזער יאָרהונדערט איז געבוירן געוואָרן ניט אין קיין וואַרימע קימפּעט־בעטן, נאָר אויף דז ברייטברוסטיקע פעלדער פון שלאַכט און פון קאַמף.

אָנגעלאָדן מיט ירושה פון דורות רייסט זיך אונדזער יאָרהונדערט ערגעץ אין דער הייך אויף בערג, ער דראַפּעט זיך, קלעטערט און שטייגט אויף די העכסטע שפּיצן פונם מענטשלעכן געוויסן, ער זאָל אַ פאַקל זיין פאַר דורות און תקופות.

און מיר גייען, און מיר שטייגן מיט אים מיט.

מיר ציילן נישט דעם „סקאַרב” מיט די מאַיאָנטקעס, וואָס מיר האָבן אָנגעלייגט אויף אונדזער „אָבאָז”.

מיר מעסטן נישט און פרעגן נישט. מיר גייען אין אָרקעסער פון אונדזער דור.

די ווייזערס פון די זייגערס האָבן זיך איבערגעדרייט און די ציפערבלאַטן זענען מיט פאפיר פאַרקלעפט.

און צי איז שוין גאָר קיין שענערס ווי ציפערבלאַטן נישט פאַרבליבן אין דער וועלט אויף וואָס צו קוקן?

און צי איז דען אין דער וועלט נישט פאַרבליבן מער גרויסקייט, ווי דאָס, וואָס מיר האָבן זיך פון איר ביז איצט גענומען?

און מיר מעסטן זיך מיט קיינעם און מיט גאָרנישט נישט אויס אינם קאָסמאָס, ווער איז גרעסער און ווער איז קלענער, — וואָס איז צייטווייליק און וואָס איז אייביק.

אייביק איז דער מענטשעשער גייסט, זיין אומרו און זיין דאָרשט. און גלייך ווי איצט, אַז מען ווערט איבערפליסט פון שטורם און וויכער און מען וויל „גענישן” תענוג און רו — עפנט מען אויף דעם שראַנק פון קלאַסיקער און מען דרעמלט־איין אויפן 5־טן זייטל, אַזוי, אויב אַז מען וועט מיד ווערן פונם קעמל־שפּאַנענדיקן העקסאַמעטר, וועט מען אין דעמזעלבן שראַנק פון קלאַסיקער אַ טרונק טאָן פון שטורם. און אין שראנק וועלן זיי ביידע וואַרטן — אי די, אי יענע.

און פאַר דעם קאָסמאָס וועלן זיי ביידע זיין נישט איבעריק וויכטיק.

* *
*

דער מענטש גייט נישט. ער לויפט גלייך ווי עס יאָגט אים עמעץ נאָך און גלייך ווי ער וויל עמעצן כאַפּן. און אין אַלע זייטן זענען אויף אים לויערנדיקע נעצען צעלאָזט. דאָרט עלעקטרישע און דאַמף־מאַשינען מיט דריישטאָקיקע אויטאָבוסן, ווי שטאָלענע דעמאָנס און טייוולען, דאָ מאַניפאַסטאַציעס פון מענטשן־בערג, ווי שטראָמיקע לאַוועס פון שטאָטישן האַרץ. און דער מענטש פילט נישט, אַז ער לויפט, נאָר אַז ס'לויפן און ס'דרייען זיך ארום אים גאַסן מיט מויערן, מיט טעלעגראַפישע סלופעס. און אָט דער שעפערישער געווירבל, אָט דער טייוולשער געליאַרעם און גאַלאָפ האָט זיך אָנגעהויבן אַריינצורייסן אין די פאָרמען פון לעבן ווי אַ נייער „שטייגער”. און אויב מען זאָל נעמען אין באַטראַכט די לעצטע 10 יאָר מיט די מלחמות, חרבונות און רעוואָלוציעס, וואָס האָבן דערפירט דעם טעמפ פון דער צייט ביז צו אַן אַפאָטעאָז פון שנעלקייט און פיבערישקייט, וועט קלאָר ווערן, פאַרוואָס האָבן זיך אַזוי גיך, פיבעריש און קרענקליך געביטן די פאָרמען פון קונסט.

און דאָ האָט זיך די קונסט געשטעלט פאַר אַ פראָבלעם:

ווי אַזוי אויפפאַסן דעם גיכן, דעם וויכערישן טעמפ פון לעבן? ווי אַזוי געבן דער שנעלקייט פאַרגליווערטע פאָרמען? ווי אַזוי איבערגעבן דאָס דינאַמישע האַרץ פון לעבן דער סטאַטישער פאָרם פון קונסט?

און דאָ קומען אַלע נייסטע ליטעראַרישע „איזמען” פון באַזונדערע וועגן זיך צונויף אויף איין פונקט.

* *
*

די קליטן, אין וועלכע מען האַנדלט מיט פאַרבן, געשניטענע אין פיר־עקן, וואָס שימלען דאָרט שוין אויף די פּאָליצעס צענדליקער יאָרן, — קאָנען פאַרן מאָדערנעם קינסטלער קיין שטאָף פאַר זיינע גרויסע און גרויזאמע איבערלעבונגען נישט זיין.

ער קאָן נישט קומען אין קלייט אַריין נאָך אַ פושקעלע בלויער פאַרב, דעמאָלט, ווען זיינע אויגן צעהענגען איבער אים א הימל פון זיין אייגענער הויט מיט בלאָנזשענדקע וואָלקנס און כמארעס פון זיין פארשטארט בלוט און געהירן, גלייך ווי ער קאָן נישט אַריינגיין אין א שאַפע פון ווערטער און זיך אַרויסנעמען דאָס פארן הימל באשטימטע שימעלדיקע וואָרט „תכלת”.

וואָס פאר א פארב, וואָס פאר א וואָרט ס'רופט ביי אים ארויס די איינשטעלונג פון דער נאטור אין זיינע אויגן אין דעם אָדער יענעם מאָמענט — אַזעלכע שאפט ער.

פאר דער קונסט עקזיסטירן נישט קיין „טאבעלעס מיט כללים”, ווי אזוי און מיט וואָסערע פארבן, ריטמען און פאָרמען זיך צו באנוצן, ס'זאָל ארויסקומען שיין — ווי די אָרטאָגראַפישע טאבעלעס, מיט וועלכע ס'באנוצן זיך די שולן, ס'זאָל ארויסקומען ריכטיק.

די נאטור האָט אירע אָנצאָליקע בייטענדיקע פארבן.

דאָס איז איינס.

ס'איז אָבער נאָך פאראן דאָס צווייטע:

ווי אזוי דער קינסטלער זעט זיי, ווי אַזוי דער קינסטלער גיסט זיי צונויף מיטן בלוט פון זיין גייסט.

וועגן די עלעמענטארע זאכן מוז מען רעדן דעמאָלט, ווען ס'איז געוואָרן א מאָדע צו לעסטערן די ליטערארישע טערמינען, און דאָרט, ווי איבער פשוטער עם־הארצות גיט מען א גאָס ארויס פון אונטער

די פּענעס אַ צענדליק ליטעראַרישע וועגן, מעטאָדן, סיסטעמען, ווי מ׳גיסט־אַרויס אַן עמער מיט וואַסער.

דער איצטיקער קינסטלער קויפט נישט קיין פאַרבן אין די קלייטן. ער שעפּט פאַרבן אין די ברונעמס פון זיינע זעונגען, וואָס ער זעט.

און אויב ער זעט מיסט, בלוט, נבלות און שמאַטעס, — מאַכט ער פון דעם נישט קיין „תּכלת״ מיט „פּורפּור״.

אָט אַזוי גיט ער זיך אָפּ דעם כּוח פון זייער שוידערלעכקייט און מאַכט זיי נאָך שוידערלעכער, אויב דאָס פּאָדערט זיין האַרץ און זיין אויג, און ברענגט זיי צו דער קינסטלערישער הייך פון האַרמאָניע.

וואָס זשע איז דער מאַסשטאַב אויף צו מעסטן די קינסטלערישקייט פון דער האַרמאָניע?

דאָס איז די עפּאָכע.

יעדע עפּאָכע טרעט זיך אויס אירע וועגן, שלייפט זיך אירע פאָרמען, קאָכט זיך אויס אירע פאַרבן, — שאַפט זיך איר אויסדרוק און בילד.

דער קינסטלער טרינקט זיך אָן מיט די פאַרבן, שיכּורט זיך אָן מיטן טעמפּ, מיטן ריטם פון זיין צייט; זיין האַרץ ווערט אַ מין רעזערוואַר פון פאַרבן, וועלכע רינען אין אים אַריין דורך די אויגן, אויב נאָר זיי זענען אָפן.

זיין האַרץ הייבט־אָן צו קלאַפּן מיטן זעלבן שגעונדיקן טעמפּ, ווי דער פּולס פון דער צייט, וואָס דונערט אים אַריין אין די אויערן, אויב זיי זענען נור קינסטלעריש אָנגעשטרענגט.

נאָכדעם, וועגן וואָס ער זאָל נישט זינגען, אַבי עס גייט נור דורך זיין האַרץ, מוז עס זיין אין די פאַרבן, וועלכע פילטרירן זיך ביי אים אין די אָדערן, און מיט דעם ריטם, מיט דעם טעמפּ, וואָס האָבן אים דאָס געהער פאַרשיכּורט.

כּדי צו דערזען די פאַרבן און דערהערן דעם טעמפּ פונם דיכטערס האַרץ, דאַרף מען אַ קוק־טאָן, וואָס פאַר אַ בילדער האָט דער דיכטער פון אונדזער צייט געזען — (ער זאָל נישט וועלן אויסטראַכטן קיין נישט־געשטויגענע, נישט־געפלויגענע לבנה־מעשיות) — וואָס פאַר אַ בילדער האָט ער געזען אין דער צייט פון זיין גייסטיקער פאַרפעסטיקונג, אין די מלחמות, רעוואָלוציעס, בירגערלעכע קריגן און פּאָגראָמען, ווען אָפּגעהאַקטע קעפּ האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן און רינשטאָקעס, ווי בלעכענע פּושקעס מיט אויפגעמאַכטע דעקלעך. וואָס פאַר אַ קלאַנגען, וואָס פאַר אַ טעמפּ און ריטם האָט ער אין זיך אַריינגעזאַפּט אין די אַלע אָנגריפן, צוזאַמענשטויסן, און די אַלע שרעקן פון פאַרטייעטער וואַרטעניש און שוידערלעכן איבערגאַנג, אין וועלכע ס׳האָבן זיך צונויפגעמישט און צונויפגעגאָסן טויט־געשרייען מיט טענץ פון פערדישע קאָפּיטעס, ווי אַ געשפּרעך פון ביינעריקע שאַרבנס.

אויב מ׳וועט דאָס אַלץ דערזען און דערפילן, וועט קלאָר ווערן, פאַרוואָס זעט דער דיכטער זיין קאָפּ אָן אָפּגעהאַקטן, שווימענדיק אויף וואַסערן; פאַרוואָס זיינע אויגן זענען אויסגעסטאַרטשעט — ווי פויסטן אין דער ווייטקייט און פאַרוואָס ער פירט אַ געשפּרעך מיט זיינע אייגענע פינגער.

* * *

מיר לעבן איצט איבער דעם בלוטיקן פאַרטאָג פון אַ בעטאָן־און אייזן־עפּאָכע.

דער טייוולשער גאַלאָפּ און געלאַרעם פון אונדזער משוגענער טאָג־טעגלעכקייט האָט געענדערט די פאָרמען פון לעבן און אין דערזעלבער מאָס געווירקט אויף אונדזער פּסיכיק, אויף אונדזער אַרט אויפנעמען און אויפפאַסן.

אונדזער עפּאָכע האָט געשאַפן בילדער גראָבע, גרויזאַמע, אומגעלומפּערטע, ווילדע פון בלוט און פון אייטער, פון צעזעגטע מענטשן־טיילן. זי האָט ווי אַ ווילדע זאַווערוכע פאַרווייעט דעם הימל מיט אַש פון שוידערלעכע קאָלירן — און דער דיכטער ווערט אין זיי דערטרונקען, ווייל זיין האַרץ איז אָפן און איז דאָרשטיק, און אַזוינע מאָלט ער זיי. נאַקעטע און אָן אַ צומיש פון שמן־זיתדיקער זיסער ראָמאַנטישקייט.

ווייל די בילדער אין זייער טרויעריק־נאַקעטער סקיטישער ווילדקייט טראָגן אין זיך דעם גרויסן צער פון קאַמף פאַר מענטשעשער באַפרייונג.

זיי טראָגן אין זיך דעם גרויסן פּיין פון אַ דור המדבר, פון געפאַלענע אין אויפגאַנג אויף בערג, אויף וועלכע אויפגיין איז פאַרבאָטן.

זיי טראָגן אין זיך די גרויסע עטישע שיינקייט און דערהויבנקייט פון געמאָרדעטע אויף באַריקאַדן.

און דערפאַר זענען זיי אין זייער ווילדער אומגעלומפּערטקייט אַזוי עטיש באַרעכטיקט.

אָט אַזוי האָט מען געקעמפּט פאַר ברידערלעכקייט און גערעכטיקייט אין יאָר 1920.

פון אָט די אַלע ווילדע, אומגעלומפּערטע גרויזאַמע בילדער און פאַרבן וועט דער קינפטיקער האָמער אָדער דאַנטע, אפילו בלינדערהייט, זינגען די איליאַדע אָדער די געטלעכע קאָמעדיע פונם 20־טען יאָרהונדערט, אָבער בלויז פון דער ג ע ש י כ ט ע וועט דאָס קיין קינסטלער נישט אויסלייענען.

די איצטיקע קינסטלערישע פּרוּוון זענען מאַטעריאַלן, פּרימיטיוון, וועלכע וועלן סטיליזירט ווערן דורך די קומענדיקע באַזינגער.

אָבער אַמכאַראַקטעריסטישסטן פאַר אונדזער דור

וועלן די בילדער בלייבן אזוי ווי זיי זענען — נישט גערירט — ווילד, נישט געשליפן, נישט געוואָרעמט, ווי דער בלוטיקער איבערבראָך פון אונדזער צייט אליין.

מ׳וועט דאָך קיינעס נישט איינשמועסן, אַז דער ריטם, דער טעמפּ און די קלאַנגען פון אונדזער טאָג זענען דיזעלבע ווי פון פריִער מיט 40 אָדער 50 יאָר. מ׳דאַרף דאָך קיינעם נישט איבערצייגן, אַז די שטימונגען פון הייגטיקן טאָג וואַקסן נישט אויף קיין צעאַקערטע ערדן, נאָר אויף אייזן, אויף שטאָל, און ווערן באַשפּריצט נישט מיט קיין רעגן פון טויען, נאָר מיט רעגנס פון בלוט.

מ׳דאַרף דאָך קיינעם נישט איינרעדן, אַז די פעלדער ווערן איצט באַמיסטיקט נישט מיט פאַרוועלקטע בלומען, נאָר מיט מענטשעשע קערפּערס און סקעלעטן.

און אויף די פאַרשאָטענע וועגן און פאַרוויסטע פלאַכן, „אינם טאָג פון איבערבראָך, ווען די ליבע צו דער וועלט איז גרייט ווי די יונגפרוי אין דער חופה=נאַכט איז גרייט צו טראָגן אין איר לייב די פרוכט פון פרעמדן לעבן און פון אייגענעם טויט״, — זענען די דיכטער פון אונדזער דור אויך זיך מקריב פאַר אים.

און די דיכטונג פון אונדזער דור, ווי דער דור אליין, האָט אַ שפּאַן געטאָן מיט נייעם, מיט ברייטן, מיט אייגענעם, נאָך נישט געגאַנגענעם גאַנג.

* *
*

**א**ון יעדער איצטיקער וועג איז — אַ פילטער. און יעדער איצטיקער שוועב איז אַ לייטערונג.

און אונטער יעדן אויפגאַנג — בלייבט ברוד.

און דער ברוד, דאָס אָפּוואַרפעכץ, שווימט צו מאַניפעסטאַנטיש צו די ברעגן פון די נייע אייראָפּעס און זעצט זיך אַרויס ווי אַ דעסאַנט פון ליטעראַריש=פּאָליטיש=געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען. מ׳טיילט זיך מיט דעם ווי מיט שריים און מזינגט דעם הגדהשען „עבדים היינו״. מ׳שיקט פון דער וויַיטן פּלאַטאָנישע קושן, סימפּאַטיעס דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און מ׳איז בירגערלעך מקיים די דינים און דתן פון דער „אייראָפּעיִשער קולטור״, פון „וועלטישער״ אָנשטענדיקייט און „סאַלאָנישער״ עסטעטיק.

דאָס קנעכטישע צופּאַסן זיך צו אויסערלעכע פאָרמען פון „אָנגענומענע״ מאָדערנע שיינקייטן, — מוז עקזיסטירן אויפן חשבון פון אינערלעכער אָרעמקייט.

מ׳ווערט געוווינט צו טאָן אַזוי, ס׳זאָל זיין „קולטורעל״, ניט אַזוי ווי מע וויל, נאָר ווי מע דאַרף, אַזוי ווי מע טוט.

אַריינגיין אין אַ מאָדע=געוועלב, קויפן אַ הוט מיט אַ פּאָר שיך און מ׳זאָל אָנמעסטן אויפן קאָפּ אַ פוטערגעבעקס און אויף די פיס א פּאָר אייזלשע אויערן און צוגעבן דערביי, אַז דאָס איז די לעצטע מאָדע, אַזוי טראָגט מען.

און דאָ איז שוין איבעריק צו רעדן וועגן פערזענלעכער קולטור.

אָט אַזוי גייט אַרום אַ מענטש אין אַ הילצערנעם גאָרסעט אויף גומענע שטאָלצן, דעם קאָפּ פאַרריסן צו יענער זייט זון, מיט אַ פושקעלע וועלט=שמאַרץ, אַ פלעשעלע סקעפּטיציזם, מיט אַ פולעם בוזעם פּיעטעט פאַר ליטעראַטור און מיט גרויס דרך=ארץ פאַרן געדרוקטן וואָרט.

די קאַלטע אָלימפּישע רויִקייט, די עסטעטיק פון אימפּאָטענץ.

און פון וואַנען זאָל זיך נעמען דער אומדערוואַרטער וויכערישער אויפרייס פון לעבעדיקער פרייד, אָדער דער אוממיטלבאַרער צושלאָג פון ווירקלעכן האַרצישן טרויער? אַז יעדע ניי=געבוירענע רגע איז אַ קיילעכיקע גראַמאָפאָנישע פּלאַסטינקע מיט באַצייכנטע דיאַגראַמען. און מ׳דאַרף זיך נאָר מטריח זיין אַרויפטרעטן מיט דער נאָדל.

מע האַלט אין אַרענדע עטלעכע „איזמען״ און מע עקספּלאָאַטירט זיי לאחדים און אין הורט.

מ׳האָט אויסגעלערנט ערגעץ עטלעכע ליטעראַרישע טערמינען און מע שיסט מיט זיי אין דער לופטן ווי פון שרעק=ביקסלעך.

מען ריכט אָפּ דעם פאַרדבהקעטן שלוש=סעודות פון אַ וועלט=אונטערגאַנג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, און מען פוילט זיך אָנצינדן ליכט, כאָטש אויפן הימל צינדן זיך שוין פייערלעך, אַ שטערן נאָך אַ שטערן.

מע דינט גאָט.

דעם גאָט פון אברהם, דעם גאָט פון שיינקייט מיט אַ געהיימער סעודה פון שבת=קודשדיקע פיש. און מען כאַפּט פון שווערער איבערגעזעטיקטקייט אַ מיסטישן דרעמל אונטער די אָנגעקאַטעוועטע אויוונס, ביז ס׳הייבן זיך אָן צו סמאַליען די טלתים מיט די פלייצעס.

און אַז ס׳צעקלינגען די גלעקער מיט אַ געקלאַנג:
„עס ברענט״,
דרעמעלט מען ווייטער און מען כראַפּעט אויס:
— ס׳איז גאָרניט,
ס׳איז פוטוריזם״.

— — — — — — — — — — — — — — —

אָבער דאָס איז ניט די פעלזישע אינערליכע קרעפטיקע און גרויזאַמע רויִקייט.

דאָס איז די אומבאַהאָלפענע פוילקייט, דער

אינערלעכער זשאַווער און דרעמלדיקע קראַפּטלאָזע ניטרירעוקייט.

בעת די עקשנותדיקע פעלזישע רויִקייט טראָגט אין זיך די זעלבע סטיכישע קראַפט ווי די שטאַרקסטע שטורמישע באַוועגלעכקייט — איז די פ ו י ל ק י י ט אַ צושטאַנד פון זומפּיקער, גענעצדיקער אין קראַפטלאָזער ניטרירעוודעקייט.

דאָס ליאַדאַשטישע, דאָס פוילע טוט זיך אָן אין די שטיינערנע מאַנטלען פון דער גרויסער אויסערלעך-גלייכגילטיקער רויִקייט און פראַוועט התבודדות.

מען רייסט אויף דאָס מויל ביז די אויערן, רוימט איין, אַז ס'איז אַ „שטילער" געשריי פון ווייטיקדיקן „אַליין-זיין", — און, באמת, איז דאָס ניט מער, ווי אַ פוילער נאָכמיטיקדיקער גענעץ.

* *
*

דאָס איינציקע שטיק וועלט, וואָס באַוועגט זיך און ווימלט, ווי אַן אָנגעצונדענע שטאָט אויף אַ הויכן באַרג און ברענט און לייכט פאַר אַלע זייטן, האָט אין גרויסן פייער-מבול אַראָפּגעשווענקט פון זיך דעם ברוד פון סענטימענטאַליש-ראָמאַנטישער אייראָפּעישקייט, אַראָפּגעבראָכן די בלעכענע איבערגעפוילטע שילדלעך פון דער פאַרדומפּענער פאַרפום-עסטעטיק, אַראָפּגעריסן די מאַסקעס פונם אומגעלומפּערטן גרים און געבליבן ביי אַ קערנדיקער אָ ר ג אַ נ י ש ע ר עסטעטיק.

און אַזוי אַרום איז רוסלאַנד געקומען צו זיך. צו איר אייגענעם (אַלץ איינס צו צו גוטן אָדער שלעכטן) נאָר צו איר אייגענעם, פאָלקס-אינדיווידועלן, ברייטסטעפּישן פעלד-פּרצוף. ניט צו קיין מאַניקירטער סאַלאָנישער ר י ט ע ר י ש ק י י ט, נאָר צו ברעכערישער און פאַרברעכערישער, צעשטערנדיקער ה ע ל ד י ש ק י י ט. און דאָ האָבן זיך סטיכיש געעפנט פאַרחתמעטע אוצרות פון אַ ניט גערירט לאַנד, פון אַ געזונטן זונטטיקדיקן פאָלק, פון אַ Бова-Вогатир

* *
*

פאַראַן ביי פעלקער, ווי ביי מענטשן צווייערליי מינים „אייגנסן", צווייערליי „מיינסן"

1) מ י י נ ס — פ ו ן מ י ר — א ו ן

2) מ י י נ ס — מ י ר ג ע ג ע ב נ ס.

דאָס אינערלעכע וועזן פון פאָלק און פון מענטש גיסט זיך צונויף:

1) פון אייגענע גייסטיקע און אינטעלעקטועלע קוואַלן, וואָס שלאָגן פון אים אַליין, פון זיין יעדן אבר, פון זיין גאַנצן קאָמפּלעקס און

2) פון אַזעלכע שטראָמען, וואָס רייסן זיך אין אים אַריין, ווי וואַסער-פאַלן, פון דרויסן, פון דער אַרומיקער וועלט, און וואָס אַסימילירן זיך אין זיינע אייגענע קוואַלן.

דאָס פערזענלעכע, דאָס אינדיווידועלע דאָס מ י י נ ס — פון מיר — לאָזט דורך דורך זיך אַלע איינפלוסן פון דרויסן, זאַפּט זיך אָן מיט זיי בעת זייער דורך-גאַנג און לאָזט זיי רעפלעקטירן באַפאַרבטע מיט די קאָלירן פון אייגענער פערזענלעכקייט.

אָבער אין מיטל-פונקט, אין צענטער, בלאַנקט שטענדיק דער אייגענער, דער פרייער, דער אינערלעכער איך —

— מיינס — פון מיר,

שטענדיק גרייט דורכשטעכן און דורכבלוטיקן יעדן, פון דרויסן זיך רייסנדיקן צופלוס.

נאָר ביי די אינערלעך-שוואַכע ווערט דער מ י י נ ס פ ו ן מ י ר דערשטיקט אונטער דער משא פון —

מ י י נ ס — מ י ר ג ע ג ע ב נ ס,

דורך די צושלאָגן פון די אויסערלעלע ווירקונגען. די השפעות פון דער דרויסנדיקער וועלט זענען פאַר די ר אַ כ י ט י ש ע ג י י ס ט ע ר, ווי שווערע גיפּסענע באַנדאַזשען אויף די פיס פון כינעזישע פרויען, וואָס לאָזן זיי זיך ניט פריי צעוואַקסן און צעשדיקן זיי.

אַזוי גייען אַרום מענטשן מיט גיפּסענע באַנדאַזשן אויפן פרייען ווילן, אין הילצערנע קאָרסעטן אַרום די קערפּערס, אויף גומענע שטאָלצן, דעם קאָפּ פאַרריסן צו יענער זייט זון, מיט אַ פושקעלע וועלט-שמאַרץ, אַ פלעשעלע סקעפּטיציזם, מיט אַ ארץ-ישראל-ערד טאָרבעלע פיעטעט פאַר ליטעראַטור און מיט טיפן דרך-ארץ פארן געדרוקטן וואָרט.

* *
*

און אַזוי קלינגט דער עסטעטישער אני מאמין אין דער אויפגעברויזטער וועלט:

מיר זענען געבליבן נאַקעט, נאָר — אָרגאַניש; מיט אַן אייגנאַרטיקער קערנדיקער עסטעטיק.

מיר דאַרפן נישט קיין נאַרקאָזן, מיר דאַרפן נישט דעם ריח פון נירוואַנאַ דורך אַ טאַבאַק-פושקעלע — פון וועלט-שמאַרץ.

נאַקעטערהייט זענען מיר אַליין דער חמר פון וועלט-שמאַרץ און פון געטער-פיין.

מיר קויפן דאָס נישט אין די אַפּטייקן, מע ברענגט דאָס אונדז נישט — ניט פון אויסלאַנד, ניט פון אייראָפּע, און מיר האַנדלען נישט מיט דעם.

ביי יעדן מענטשן ברענט אין די אויגן דער טרויער פון אַלע וועלטן און דורות. אין די אויגן טראָגט דער מענטש דאָס ערשטע פאַרגאָסענע בלוט פון הבלס האַלדז. אין די אויגן טראָגט דער מענטש

דעם שטיין, מיט וועלכן קין האָט זיין ברודער דערהרגעט.* אין די אויגן ברודערט זיך קין׳ס קללה מיט שפּורער גרייטקייט צו חוה׳ס איבערזעעניש. אָט די קלייניקע באַנקעלעך, וואָס נעמען אין זיך אַריין דעם הימל מיט דער ערד און דעם ניט אויסגעמאָסטענעם שטח צווישן זיי, — פּיבערט דאָס געשלעכט, די לויות און די אויפגאַנגען פון אַלע דורות, פעלקער און שבטים.

מיר טראָגן אַרום דעם אייגענעם טויט אין די אויגן.

נאָר אויפן יאַריד ברענגען מיר עס נישט אַרויס און האַנדלען — האַנדלען מיר מיט דעם נישט.

דער גרויסער וועלט־פּיין, — דאָס איז דער געטלעכער שטראָם, וואָס פון זיין באַרירונג מיט יעדן נייקומענדיקן אויגנבליק ווערן מיר פון דאָס־ניי געבוירן.

מיט האַמערס פון הערצער אָן גראַניט פון לייבער און אַרום אונדז — פייער.

און איבער אונדזער שטענדיק שטאַרבן־און־געבוירן־ווערן הענגט ווי אַ דאָרן פון אייביקער ברענונג: דאָס באַוווסטזיין.

און ליכטיק צו שטאַרבן איז די אָפּגייענדיקע אויגנבליקן און נאָך ליכטיקער צו געבוירן ווערן איז די קומענדיקע, וואָס וועלן זיי פאַרבייטן.

מיט פייקלעך און מיט צימבלען, מיט שטענדיק־פאַרטרויטער און פאַרגלויבטער שיכרות באַגלייטן מיר און גייען אַנטקעגן די אָפּגייענדיקע און אויפגייענדיקע לעבנס.

קיין דרך־ארץ פאַרן געדרוקטן וואָרט האָבן מיר נישט.

מיר האָבן ליבשאַפט צו דעם לעבעדיקן מ ע נ ט ש ן.

דאָס בעסטע קינסטלערישע ווערק איז ניט מער ווי אַ פאַרגליווערט־געוואָרענע באַוועגונג פון איר שעפער.

דינען מיר צו דעם ניט. און צו פאַרגעטערונג ברענגען מיר דאָס ניט. מיר פאַרמענטשלעכן אין שעפער דאָס געטלעכע, אויב אַזוינס איז פאַראַן.

נישטאָ קיין מוזעס, וואָס קומען אַראָפּ פון די הויכע פאַרנאַסן, מיט דעם קינסטלער צו פלירטעווען און נודיען זיך מיט אים. און דער קינסטלער זיצט ניט ווי אַ קרעמער אין אַ קלייט מיט פאַרטייעטער וואַרטעניש אויף פדיון.

די מוזעס — דאָס זענען זיינע בלוטן, וואָס דרייען זיך אַרום אין זיינע אָדערן, ווי אָנגעצינדענע שלענג און ווילן אַרויס דורך יעדן שפּאַרינקעלע פון זיין לייב, וואָס פולסירן אין זיינע נערוון, ווי טויזנטער משוגע־געוואָרענע אָרקעסטערס, רייסנדיק זיך פון האַרץ און צו האַרץ.

ער איז נישט מענטש באַזונדער און דיכטער באַזונדער. ער האָט נישט קיין באַזונדער שבתדיק בלוט און באַזונדער וואָכעדיק בלוט.

ער איז א שטענדיק־פליסנדיקער שטראָם פון אויסגעמישטע פיינען און פריידן, און ער באַרירט זיך מיט אַלץ, וואָס קומט אים אַנטקעגן. און אויב ער באַגעגנט זיך היינט מיט אַ שטורם, באַפאַלט ער אים מיט אַלע זיינע ליידנשאַפטלעכע כלי־ניגונס און אָרקעסטערס — מיט זיינע ברויזנדיקע אָנגעצונדענע בלוטן.

זיין קלענסטע לעבעדיקע מענטשעשע באַוועגונג פאַרשיפּורט מער, ווי זיין גרעסטע פּאָעמע. זיין יעדער פינגער איז אַלע מאָל אַ נייער פ ע ר ז פון פאַרשיידענע פאָרמען און וואַריאַנטן. די אויגן זיינע זענען אַלע מאָל אַנדערע סימפאָניעס פון שטילקייט און כאָראַלן.

זיין באַוועגלעכקייט — דאָס איז דער ניגון פון אומויפהערנדיקער שטענדיקער וועלט־באַשאַפונג.

נאַקעט.

אָן גרים און אָן מאַסקעס.

אָן וועלט־שמאַרץ, איינגעהאַנדלט אויף די „האַלעס”.

אָן עלנט, אויסגעביטענס אויף לידער.

קיין דרך־ארץ פאַרן געדרוקטן וואָרט האָבן מיר נישט.

מיר האָבן בלוט און ליבשאַפט צו דער לעבעדיקער אָרגאַנישער עסטעטישער פערזענלעכקייט — מ ע נ ט ש!

* פרץ מאַרקישס וואָרט וועגן דער מאָדערנער דיכטונג איז דאָס ערשטע, נישט דאָס לעצטע. מיר וועלן זיך נאָך צו דער דאָזיקער טעמע אומקערן. רעד.

## ביכער, וואָס זענען אָנגעקומען אין רעדאַקציע.

### פּאָעזיע

**פּרץ מאַרקיש:** סתּם, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע, 1922.

**פּרץ מאַרקיש:** ראַדיאָ, וואַרשע 1922.

**מרים אולינאָווער:** דער באָבעס אוצר, פאַר־לאַג ברידער לעווין־עפּשטיין און שותּפים, וואַרשע 1922.

**מוישע ליוושיץ:** אַ בער טאַנצט, ריגע 1922.

**א. לעיעלעס:** די מאַיסע פון די הונדערט, ניו־יאָרק 1921.

### בעלעטריסטיק

**י. אָפּאַטאָשו:** אין פוילישע וועלדער, ראָמאַן, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע 1922.

**שלום־עליכם:** מאָטל דעם חזנס, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע 1922.

**שלום־עליכם:** מנחם מענדל, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע 1922.

**שלום־עליכם:** בלאָנדזענדע שטערן, ערשטער טייל: אַקטיאָרן, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע 1922.

**אַנאַטאָל פראַנס:** טאַיִס, פון פראַנצויזיש י. דאָברושין, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע 1922.

**וואָלטער:** צאַדיג, ראָמאַן, פון פראַנצויזיש ש. שפּיגעל, פאַרלאַג „דער טורעם“, וואַרשע, 1922.

**מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ:** אונדזער קליאַטשע, רויב, ייִדיש י. רייזפעדער, פאַרלאַג אונדזער בוך, וואַרשע 1922.

### דראַמע

**ה. לייוויק:** דער גולם, דראַמאַטישע פּאָעמע אין אַכט בילדער, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“ וואַרשע, 1922

**י. י. זינגער:** ערד־וויי, דראַמע אין דריי בילדער, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע 1922.

**אויגוסט סטרינדבערג:** דער פאָטער, דראַמע אין 3 אַקטן, ייִדיש אברהם זאַק, פאַרלאַג „די צייט“ וואַרשע 1922.

**נ. וו גאָגאָל:** דער רעוויזאָר, קאָמעדיע אין 5 אַקטן, ייִדיש ז. סעגאַלאָוויטש, פאַרלאַג „די צייט“, וואַרשע, 1922.

**לעאָניד אַנדרעיעוו:** דער וואָס קריגט די פּעטש, אַ פאָרשטעלונג אין 4 אַקטן, ייִדיש פון אברהם מאָרעווסקי, פאַרלאַג ברידער לעווין־עפּשטיין און שותּפים, וואַרשע 1921.

**סטאַניסלאַוו וויספּיאַנסקי:** דניאל ייִדיש דניאל לייבעל, פאַרלאַג „די צייט“, וואַרשע 1922.

**הערמאַן הייערמאַנס:** פאַרלוירענע האָפע־נונג, פון דייטש ע. קאָרמאַן, צווייטע אויפלאַגע, פאַרלאַג „דער טורעם“, וואַרשע 1922.

**ערנסט טאָלער:** מאַסע־מענטש, אַ דראַמע פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע פון 20־טן יאָרהונדערט, איבערגעזעצט פון דייטש מיטן הסכּם פון מחבר פון שרה ברענער, פאַרלאַג „די וועלט“ וואַרשע 1922.

**Sz. A. An-ski:** Na pograniczu dwóch światów, Dybbuk, w przekładzie J. Joelona i J. Rottersmana wraz z komentarzem J. Joelona, Kraków 1922. Nakład własny.

### פאַרשידנס

**מיכאל וויכערט:** טעאַטער און דראַמע, פאַר־לאַג „ייִדיש“, וואַרשע 1922.

**אהרן איציקס:** זכרונות, לויט דעם ייִדיש־דייטשן טעקסט, אַרויסגעגעבן פון זלמן רייזען, פאַר־לאַג ברידער לעווין־עפּשטיין און שותּפים, וואַרשע 1922.

**יעקב לעשצינסקי:** דאָס ייִדישע פאָלק אין ציפערן, כּלל־פאַרלאַג, בערלין 1922.

**בן ציון רובשטיין:** די עקאָנאָמישע לאַגע און פּערספּעקטיוון פון די ייִדן אין ראַטן־רוסלאַנד.

**אַרבעטער־לוח** אויף דעם יאָר 1922, פאַרלאַג „די וועלט“, וואַרשע 1922.

**כּלל־ביבליאָטעק:** 1. ח. נ. ביאַליק: פון צער און צאָרן. 2–3 א. נ. גנעסין: מעשה אָטעלאָ און סאַמויִל סאַמוילאָוויטש. 4. ה. ד. נאָמבערג: אין אַ פוילישער ישובה. 5. צבי הירשקאַן: ניט הינטער אַ פּלויט. 8–9 אַ. וואַגנער: מעשיות וועגן פייער און ליכטיקייט, כּלל־פאַרלאַג, בערלין 1922.

### קינדער און יוגנט־ליטעראַטור

**משה בראָדערזאָן:** אַל׳דאָס גוטס, מעשהלעך פאַר קינדער, אילוסטרירט דורך אַרטור שיק, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע 1922.

**מאַני לייב:** ייִנגל צינגל כוואַט, געצייכנט פון אליעזר ליסיצקי, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע.

דער מילנער, די מילנערין און די מילשטיינער, דערציילט פון פעטער **בן ציון**, אילוסטרירט פון אליעזר ליסיצקי, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע 1922.

פאַר קליינע קינדער, צען מעשהלעך, ערשטע זאַמלונג, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע, 1921.

האָב איך מיר אַ לידעלע, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע 1922.

ו. לאָנג: אין די ווייסע צפון־לענדער, באַאַרבעט דורך ד. קאַסעל, פאַרלאַג בי שימין, וואַרשע 1921.

מיין ריד: אין דער מלוכה פון פייער, ייִדיש ר—וויטש, פאַרלאַג ב. שימין, וואַרשע 1921.

סווען העדין: אין הייסן מדבר, ייִדיש י. ש—ראָ פאַרלאַג ב. שימין, וואַרשע 1922.

ה. סטענלי: ווי אַזוי איך האָב געפונען ליווינגסטאָנען, ייִדיש א. ז. כהן, פאַרלאַג ב. שימין, וואַרשע 1922.

קאַפּיטאַן סקאָט: די לעצטע נסיעה, ייִדיש אַ. ש—ראָ, פאַרלאַג ב. שימין, וואַרשע 1922.

א. פּ. נעטשייעוו: די אונטערערדישע כּוחות, ייִדיש א. ז. כהן, פאַרלאַג ב. שימין, וואַרשע 1922.

ג. באָטש: געוויקסן, באַאַרבעט דורך אַ. גאָלאָמב, פאַרלאַג „קולטור־ליגע“, וואַרשע 1922.

זשורנאַלן

שול און לעבן, אָרגאַן פון דער צענטראַלער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע אין דער פּוילישער רעפּובליק. העפט 1–2, 3–4, 5, וואַרשע 1922.

Der Jude, eine Monatschrift, Herausgeber Dr. Martin Buber, VI. Jahrgang 1. 2. 3. 4.

Teatr Ludowy, miesięcznik Związku Teatrów Ludowych III. 1. 2.

---

## צו אַלע מאָדערנע ייִדישע מאָלער און פּלאַסטיקער.

יעקב אַדלער שיקט אונדז צו דעם פאָלגנדיקן אויפרוף:

דעם 28 מאַי ווערט אין דיסעלדאָרף געעפנט די ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע קונסט־אויסשטעלונג. צום ערשטן מאָל וועלן ייִדישע מאָלער און פּלאַסטיקער האָבן די געלעגנהייט צו רעפּרעזענטירן אין א געשלאָסענער פאָרם די ייִדישע אייגענאַרט אין דער קינסטלערישער שאפונג. מיר פאָדערן אויף אלע ייִדישע קינסטלער, וועמען די ייִדישע אייגנאַרט איז טייער, זיך צו באטייליקן אין דער דאָזיקער אויסשטעלונג.

אין נאָמען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קינסטלער־פאַרייניקונג: יעקב אדלער.

אדרעס: DAS JUNGE RHEINLAND, DÜSSELDORF, HEINRICHSTR. 153.

# רינגען

## דאס צענטע העפט

*



צײַכענונג פון יצחק בּרוינער

*


רעדאַגירט דורך אַ קאָלעגיום
אָרטאָגראַפיע לויט די בּאַשלוסן פון דעם שול־צוזאמענפאָר 1921
איבערדרוקן און איבערזעצן קאָן מען נאָר מיטן הסכם פון דער רעדאקציע
אָנהויבנדיק פון דעם נאָענטסטן נומער וועלן זיך צווישן אַנדערע דרוקן:
דוד איגנאַטאָוו (ניו־יאָרק) / י. אָפּאַטאָשו (ניו־יאָרק) / משה בּראָדערזאָן (לאָדזש)
בּרוך גלאָזמאַן (ניו־יאָרק) / בּער האָראָוויץ (ווין) / ז. ווײַנפּער (ניו־יאָרק)
מאַקס ווײַנרײַך (בּערלין) / משה זילבּורג (ווין) / זישאָ לאַנדוי (ניו־יאָרק)
בּ. לאַפּין (ניו־יאָרק) / משה נאַדיר (ניו־יאָרק) / י. י. סיגאַל (מאָנטרעאַל)
א. מ. פוקס (ווין) / ישראל שטערן (וואַרשע).
אדרעס פון רעדאקציע:
Dr. Michał Weichert, dla „Ryngen“, Warszawa, Miodowa 20.

---

געזעצט און געדרוקט בײַ י. הענדלער, דלוגאַ 26

